ל. קוסמאן

# נאַרנבונד

פאַנטאַסטישע
טרילאָגיע

1931

פארלאג אטלאנטיס נויאָרק

# אינהאַלט

## פּערזאָנען

וועכטער
קעניג } פון עקסלאַנד
קעניגין } פון עקסלאַנד
הויפנאַר
פּאָמפּאַדור, הויפדאַמע
דער פילאָזאָף
דאָקטאָר קריטיקוס
דער שטורמער
דאָס אנטוישטע מיידל
דער שוישפילער
גאָלדזאַק
נעפּטונאַ
ערב-רב פון דער עקסגעזעלשאַפט, נעגערדינער

דאָס שפיל קומט פאָר עקוועלט, אויף
אַ הויכן פעלז, נאָך אַ שטורם אין טאָל.

# עקוועלט

דער רוקן פון אַ הויכן פעלז, ליכט משופּעדיק דער וועג צום שפּיץ. אַ לייכטטורם, הינטער וועלכן עס שפּרייט זיך אַ ווייטער אָקעאַן.

דער אָוונט ברעכט איין מיט זונפאַרגאַנג אַהינטער. דער לייכטטורם צינדט זיך אָן. אין שטיבל אונטן קנייטשן זיך אויף לאָדנס. אַ בלאָנדער קאָפּ פון אַ יונג מיידל שניידט זיך אַרויס דורכן פענסטער. נעפּטונאַ. וויטער בליק אַרום. דערשראָקן פאַרשווינדט דער פרויענקאָפּ. אַלטער מאַן, באַוואקסענער גרייזקאָפּ, באַווייזט זיך אין פענסטער. דער וועכטער. נעפּטונאַ'ס בלאָנדער קאָפּ הינטער זיין שולטער. אַ צאַרטע פרויענהאַנט פינטעלט אַריין אין חלל. וועכטער'ס אויגן שניידן זיך אַריין אין דער טיפקייט. פאַרוואונדערונג אין אָנקום פון עפּעס. פענסטער און לאָדן שליכן זיך. דורך דער שטערן־עפנונג פון לאָדן גייט־אויף אַ ליכט.

דער וועכטער קומט אַרויס. בלייבט שטיין אויפן שפּיץ אין דערוואַרטונג.

פון דער טיף קומט אָן אַ פּאָרל. פאַרטריבענער קעניג און קעניגין פון עקסלאַנד. ער טראָגט אַן אַדמיראַל־מאַנטל, נאַרמיצל אויפן קאָפּ און אַ פּופּע אין זיין רעכטער האַנט. האַלט מיט דער לינקער דעם אָרם פון דער קעניגין און איר שלעפּ. אַ פּעקל אויפן רוקן. ווילד צעשויבערט פאַלט די האָר פון דער קעניגין איבער אירע אַקסל. אונטער איר לינקן אָרם אַ שאַכטל, אויף וועלכן עס זיצט אַ קאַץ. אין דער רעכטער האַנט האַלט זי אַ גילדן פאַנטאָפל אין נאָענטער דיסטאַנץ צום קעניג'ס באַק.

## וועכטער

ווער קומט עס דאָ מיט זונפאַרגאַנג
פון טיפן טאָל אַהער צו גיין?
עס האָט אַ מענטשנטריט שוין לאַנג
ניט אָנגעשלאָגן מיין פעלזנשטיין.
זע' איך אַ קעניגפּאָר דאָ טרעטן,
פון טאָל און נאַרנהויז אַנטלאָפן?
ער שמייכלט. יאָ, איך האָב געטראָפן.
אַדמיראַל — די עפּאָלעטן,

דאָס ווייסע מיצל פון פּאַיאַץ,
אַ פּופּע־סצעפּטער אין זיין האַנט.
און זע די קעניגין! אַמוזאַנט.
דאָס שפּיל אין שאַכטל און אין קאַץ,
די נעגל טיף אין דעם פּאַנטאָפל;
נו, דאָס באַגאַזש איז שוין אַ טפל.
פאַרבליט דער רייץ, פאַרצוקט דער גלאַנץ,
אין שטויב די שלעפּ, דאָס פּאַזשנקלייד,
פאַרקלונגען איז דער מערכענטאַנץ.
נאָך וואָס אַהער? צו מיר באַשייד?
(דערהויבט זיין שטים)
נו שפּרעך, מיין קעניג, רייד.

## קעניג

(לאָזט אָפּ זיין דאַמע)

איך האָב געהערשט אויף אַלע ימ׳ען,
און דאָ שטיי איך מיט מיין פּאָרטרעט.
עס האָבן שדים, בליצנפלאַמען
געשפּרייט פאַר מיר אַ העסעבעט.
האָב מאַכט געטרונקען פון טיפע בעכער,
נאָר ניט געזען האָב איך דעם דעק,
פאַרשטעלט געווען מיט ווייבערקלעק
און מיט אָט דעם פּאַנטאָפלפּעכער.
געווען איז מיר די ערד צו קליין,
דער הימל פלאַך צו זיצן,
האָב זען געוואָלט ווי אין מיין קרוין
די שטערן אַלע בליצן.
געגלויבט האָב איך צו זיין דער ריטער
פון גאַנצן טאָל און קוגלערד;
אַזוי ליגט איצט מיין קרוין אין שפּליטער,

און דער פּאַיאַץ איז אויפֿן פֿערד.
איך בעט דיך, וועכטער, אַלטער, גוטער,
האָב ווייניג יאָר נאָך אויף דער וועלט,
לאָמיר דאָ אויפשלאָגן מיין געצעלט,
און ברייגג אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער.

## וועכטער

דו ביסט נאָך קרוינפּרינץ דאַן געווען,
ווען אין מיין לעבן איז אַ נס געשען.
אַ פלעק אין ווייטן האָריזאָנט
האָט אָנגעצונדן פאַר מיר אַ ליכט,
איך האָב גאָט'ס וואָרט אין אים געאָנט,
דעם לוג פון דיין און טאָל'ס געזיכט.
מיט זון אין אויג און שטויבגעמיט
האָב אין חלל געהאַמערט טריט,
פון שטיין געמויערט זיך אַ וועג
אין מיינע לאַנגע וואַנדער-וואַקל-טעג.
מיט גאָט אין בלוט און בלוט אין פוס
האָב איך באַטראַכטן דעם פעלזנקאַרק;
דער ים פאַרוישט האָט מיר דיין מאַרק,
דאָס בייזע שפּיל און פליישגענוס.

## קעניג

די רייד פאַרשאַפט מיר געווים פאַרדרוס.
איך בויג מיין קאָפּ פאַר דעם ווייזן מאַן,
וואָס האָט אין צייט דערזען די וואָר.
אַלץ וואָס עס וויל אַ קעניגספאָר:
פאַר אַ געצעלט נאָר ערד אַ שפאַן.

### וועכטער

מיין פעלז געהייליגט האָט זיך דורך יאָרן,
פאַרהיט אים פון די שטרייטערס צאָרן.
מיין גלויבן געצונדן האָט ליכט אין טורם,
געוויזן שיפן דעם וועג אין שטורם.
יאָ, שיפן זיינען פון געבורט שוין פריי,
ווען אויך מיט פאַנצער און קאַנאָנען;
אַ ריז, וואָס שמעלצט דעם שטראָם ווי בליי,
געזעגלט ווערט פון פרייהייט־פאָנען.

נאָר גרוים מוז זיין דער שטרייט דאָ אונטן,
עס שטייגן כוואַליעס־יאָמער צו מיין ברעג.
צי זיינען פון משיח געקומען די טעג?
געעפנט זיינען אַלע שפונטן
פון גאָט׳ס שיף. עס גרוילט אַ ציטער.
גאָט! גייט מיין פעלז אין שפּליטער?

### קעניג

צי דען איז מער ניטאָ קיין עק,
וואו איך קאָן רוען מיט דעם געפּעק?

### וועכטער

דאָס ליכט אין טורם איז אָנגעצונדן.
זיי מיר ווילקאָמען, מידער האַר!
עס האָט דער שיקזאַל אונז פאַרבונדן,
איצט שטייען מיר דאָ ביי די שלונדן,
איך אַלטער וועכטער, דו אַלטער נאַר.

### קעניג

(פאַרנייגט זיך)

ווי דאַנקבאַר בין איך דיר דערפאַר.

## קעניגין

(גיט אַ לייכטן שאָקל מיטן קאָפּ, די קאַץ אויף שאַכטל אַ מיוזיקע)

דיין טריישאַפט, דינער, רירט ביז טרערן.
אין טאָל שאָקירט האָט מיך דאָס פּעבל,
ס'האָט מיין טריט געוואָלט באַשווערן
קאַפּראַל, מאַטראָז און לומפּ־פּעלדפּעבל.
די חוצפה וואַקסט אויף יעדן בוים,
ווער הער, ווער קנעכט — מען דערקענט עס קוים.

## קעניג

(לייגט צו אַ פינגער צום מויל)

אין צייט פון אויפרור און ווידערשפּאַן
דאַרף קעניגין ציילן וואָרט און טריט;
דער טאָל קאָן הערן, גאָט באַהיט,
און צוריק צום משפּט לויפט די באַן.

(וואַרפט אַראָפּ פון זיך דאָס פּעקל)

שוין שווער געגנוג אָט דאָס באַגאַזש,
וויל מע'ר ניט ליידן קיין בלאַמאַזש!

(שלאָגט אויף אַ געצעלט)

אָט דאָ איז אונזער פּאַלאַץ, קעניגין.
פאַרנעם דיין טראָן. דו ביסט דאָך מיד.
און ווען באַטריבט וועט זיין דיין זין,
דאַן זינג איך דיר דיין ליבלינגסליד:

קאַץ, קעצעניו, מיוי,
הונט, הינטעלע, הוי,
וואָלף, וועלפעלע, וואָי,
ביז דעם מאָרגנגרוי.

## קעניגין

(גיט דעם קעניג אַ גלעט אין באַק מיטן פּאַנטאָפל)

ווי פּרעכטיג איז דער גרויסער קעניג!

ווער וואַגט עס זיין דיר ווידערשפּעניג,
דיר הערשער פון דעם עקסנלאַנד ? !
מיט דיר אין גלות איז ניט קיין שאַנד.
געבענטשט די ערד ווערט פון דיין טראָט,
באַרירסט אַ שטול און עס ווערט אַ טראָן.
צי איבערן פּאַלאַץ אויף די פאָן
פון Ex.

### קעניג

דיין וואונש, Regina ,ערפילט דער Rex.
(ציט אויף איבערן געצעלט אַ פאָן מיט אַ גרויסער אויפשריפט EX)
דאָס קעניגרייך איז גרייט, פּרינצעסין.
זאָג, ליבסטע, האָב איך וואָס פאַרגעסן ?

### קעניגין

(מיטן פנים צום טאָל)
אַדיע, מיראַזש, דו טאָל פון שפּאָט !
באַרבאַרן, פּראָלעטאַריער, לומפּן,
איר פרעש און ווערים אין די זומפּן !
איר אַלע ווערן וועט איינגעשרומפּן,
ווען קומען וועט די שטים פון גאָט :
אַראָפּ די קעפּ בויגט אונטערטעניג,
צוריק אין לאַנד איז דאָ דער קעניג !

### קעניג

דיין גלויבן, קעניגין, מאַכט מיך מונטער.
פאַרשטיי דאָך אָבער איצט, אַצונטער,
ווען פעלז ווי שטיין שאַרפט געהער,
און הינטערן טורם האָרכט דאָס מער.

### קעניגין

אָ שווער, מיין קעניג, שווער.
עס האָט דער טראָן נאָך ניט קיין שטול.
(אַ גערויש שטייגט פון טאָל)

### וועכטער

נאָך איז דער שיקזאַל ניט פאַרפול.

### קעניג

(דערשראָקן. האָרכט)
איך הער גערודער דאָ פון אונטן,
שוין ווידער אויפברויז, נייע בונטן?
(צום וועכטער)
אָ קום מיט מיר, דו טרייער היטער!
שוין פון גערויש כאַפּ איך אַ ציטער.

### וועכטער

עס וועט קיין גיים ניט מער געשען.
עס האַלט דער מענטש אין איבערברען,
די קוילן גליען, פונקען שפּריצן, —
אַ קעלט איז אַלץ, וואָס קומט נאָך היצן.
(דער גערויש פון טאָל ווערט שטאַרקער. דער קעניג טרעט .ם ברעג, קוקט אַראָפּ, לויפט שנעל צוריק. כאַפּט די קעניגין ביי דער האַנט.)

### קעניג

אַך ווי, פרינצעסין, עס איז פאַראַט!

### קעניגין

איך האָב געהערט שוין דאָס געזאַנג.

### קעניג

דו פילסט? עס שטייגט פון טאָל געשטאַנק —
און וואָס וועט זיין די נעקסטע טאַט?

*

### קעניגין

ווער קומט?

### קעניג

דאָס פּעבל, דער פּאַיאַץ,
אין אָרם פון דער פּאָמפּאַדור,
דער דאַמע פון דיין הויף.

### קעניגין

די פּרעכע הור!
דער קעניג, הויפּראַט, לץ, קאַפּראַל,
זי נעמט זיי אַלע גלייך, עגאַל.
(גלעט די קאַץ)
שטיי דו מיר ביי, מיין טרייע קאַץ.
(די קאַץ גיט אַ מיויקע)

פון טאָל קומט אָן דער הויפנאַר אין אָרם פון פּאָמפּאַדור. אַנעגער טראָגט נאָך זייער געפּעק. נאָך זיי אַ סוויטע פון עקס־מענטשן: דער פילאָזאָף, דאָקטאָר קריטיקוס, דער שטורמער, דאָס אַנטוישטע מוידל, דער שוישפּילער, גאָלדזאַק און אַן ערב־רב פון דער עקס־געזעלשאַפט.

דער הויפנאַר טראָגט זיין פּאַיאַצן־קאָסטיום. אויפן קאָפּ די קרוין פון Ex. אין האַנט דעם קעניג'ס סצעפּטער. די קליידער פון דער פּאָמפּאַדור איז אַ געמיש פון הויף און גאַס.

### הויפנאַר

(ציט די קרוין ווי אַ הוט)
איך טו געריסן, מאַיעסטעט!
דער לץ קומט קיינמאָל ניט צו שפּעט.
(שפּילט זיך מיטן סצעפּטער)

### קעניג

איך גלויב דאָס רעדט דער הויפּפּאָעט.
דו קומסט געווים אין גרויסן ציל.
איך זע, דיר פאָלגן מענטשן פיל,
ביסטו פון טאָג דער געקרוינטער מאַן?
(דערשראָקן איז דעם קעניג׳ס בליק אויף דער קרוין און אַרום. שפּילט זיך נערוועז מיט דער פּופּע)

### קעניגין

(הינטערן רוקן פון דעם קעניג. שטיל און פעסט)
דערקענסטו ניט דעם שאַרלאַטאַן?
רייס אים פון קאָפּ אַראָפּ די קרוין,
און זאָל ער קריגן זיין פאַרדינטן לוין!

### פּאָמפּאַדור

(האַלב לויט)
וואָס שעפּטשעט דאָרט די אַלטע קאַץ
אין אויער איר געזאַלבטן ראַץ?
כאַ - כאַ!...

### די סוויטע

כאַ-כאַ! כאַ-כאַ!

### קעניג

(וויגט די פּופּע אין זיין האַנט)
לאַ-לאַ... לאַ-לאַ...
(צום עולם)
עס טוט די קעניגין אייך אַלע גריסן.

### וועכטער

איך בין דאָ וועכטער, וויל אויך וואָס וויסן.
פון וואַנען קומען די אַלע הערן?
וויל גאָט אייך וואָס צו מיר באַשערן?

### הויפנאַר

איך בין פון טיפן טאָל אַנטלאָפן,
צופיל פאַסירן דאָרט קאַטאַסטראָפן,
צופיל די מענטשן זיינען אַפן,
היינט דעם, מאָרגן יענעם צו פאַרשקלאַפן;
מען היינגט, מען שיסט, מען ברעגט, מען שטורמט,
די וועלט אויף ס׳ניי צו ווערן געפורמט,
ווערט ניי די פ ו ר ם און נ י ט די וועלט,
ווייל שאַפונגסקראַפט דעם מענטשן פעלט.
ניין, אָריגינעלעס ווערט ניט געשאַפן,
אַחוץ אויף מצבות די עפּיטאַפן.

### סוויטע

(ווי אין כאָר)

מיר הערן און מיר גאַפן —
כאַ-כאַ! כאַ-כאַ!

### קעניג

(וויגט די פופע)

לאַ-לאַ, לאַ-לאַ.

### הויפנאַר

אַ ריז איז אויף דעם טראָן געזעסן,
אַ ריז פון חכמה און פאַרשטאַנד,
האָט הויט און ביין פון פאָלק געגעסן,
געהאָלפן אים האָט קאַצפּרינצעסין
מיט נעגל פון פאַנטאָפלהאַנט,
און אויך מיין שיינע פאָמפאַדור,
דעם קעניג׳ס ליכטיגסטע אַמור.

## פּאָמפּאַדור

(פאַרבויגט זיך קאָקעט פאַרן קעניג ווי פאַר אַלעמען)

Voilà,
C'est moi,
Et bon jour.

## הויפנאַר

ס׳האָט בוים ווי מענטש געבויגן רוקן,
ווען קעניג האָט דורך לאַנד מאַרשירט,
געוויס, צו בויגן זיך און בוקן
געווען ס׳געזינטל גוט מושטירט.
(נעמט אַראָפּ די קרוין פון קאָפּ און באַקוקט זי)
די קרוין פון עקס איז שיין באַצירט.
אָט עדעלשטיין און אָט בריליאַנט,
דער רובינענקרייץ איז אויך שאַרמאַנט.
(דרייט דעם סצעפּטער)
און אויך דער סצעפּטער איז פיין דרעסירט...
כאַ-כאַ! געווען איז אַמוזאַנט
צו זיין אַ לץ ביים לץ פון לאַנד.

## סוויטע

(אין כאָר)

כאַ-כאַ! געווען איז אַמוזאַנט
צו זיין אַ לץ ביים לץ פון לאַנד.
כאַ-כאַ! כאַ-כאַ!

## קעניג

(וויגט די פּופּע)

לאַ-לאַ, לאַ-לאַ.

### הויפנאַר

איך האָב געשפּאַסט און אַמוזירט
די גרעסטע קעפּ פון אונזער צייט;
דער הויף פון נחת האָט קראַפּירט.
נו האָט דער טאָל דאָך רעוואָלטירט,
געקומען איז אַן איבערבייט,
פאַרטריבן שטייט דער קעניג ווייט.

### סווימע

(ווי אין כאָר)

ווייט דער קעניג איז פאַרטריבן,
ציילן מיר פינף, זעקס, זיבן,
קעפּ
ווי טעפּ
אין זאַק געקליבן!
כאַ-כאַ! כאַ-כאַ!

### קעניג

(וויגט די פּופּע)

לאַ-לאַ, לאַ-לאַ.

### הויפנאַר

נאָר ס'איז אין טאָל קיין נס געשען.
דער מענטש פאַרכאַפּט איז אין אַ קלעם
פון איבערקער
און צערשטער,
פון איבערבוי
און איבערסטראָי,
פון איבערמענטש
און איבערבענטש,

נייע ברכות,
מענטשן - זכיות,
נייע תורות,
ריחות - קטירות
צו די געטער —
אַלטע שפּעטער!
ס'טאַנצט דער טאָל ווי אין קדהת.

## וועכטער

איך האָב פון טורם אָפּט געהערט,
אַז מ ע נ ט ש פון מ ע נ ט ש באַגערט.
נאָר ניט געוואוסט האָב איך דעם זין
פון בייטן מ י ן אויף מ י ן.

## קעניג

דאָס איז געווען מיין יום הדין.

## קעניגין

וועט קומען נאָך אַן אַנדער טאָג.

## פּאָמפּאַדור

עס שלאָגט צום האַרצן גאַל און גרין
ווען ס'עפנט מויל די בייזע פּלאָג.

## הויפנאַר

ווען פרויען ריידן מוז זיין שטיל:
עס שווייגט דער פעלז ווען ס'גרילט די גריל.

## וועכטער

ס'האָט פעלז געהאָרכט דעם רויש פון ים

און ניט פון שנאה דעם ברויז און סם.
פאַרנומען מיין אויער האָט וואָרט פון גאָט,
נאָר ניט פון געטער דאָס וויסטע שפּאָט.
איך זע אַ דיכטער פאַר מיר שטיין,
אַ דיכטער אין אַ קעניג׳ס קרוין,
וואו איז דאָס לאַנד, וואָס ער רעגירט?

## הויפנאַר

מיין לאַנד איז ניט קוואַליפיצירט.
אין קעניג׳ס הויף בין איך פּאַיאַץ,
ביים פאָלק דער חלום פון אַ העלד,
מיין בילד געטראָגן האָט אין לאַץ
אי זונה, אי דער וואָס קויפט פאַר געלט.
מיין צויבער ליגט אין בלוט און טראַכט,
איך בין דאָס ביינקען פון דער נאַכט,
איך בין דאָס ברויזן פון דעם ים,
מאַך רויט דאָס בלוט דעם האָן אין קאָם;
מיין טריט איז פליגל פון דעם ווינט,
מיין שיף איז שוים פון ניט געצוימטן איינד,
אין שטיין און רויך איז געקריצט מיין נאָמען,
אין אַלץ וואָס שטייגט ליגט טיף מיין זאָמען,
בין דער וואָס מאָנט און דער וואָס שפּעט,
ווי מיין קאָסטיום איז קאָלירט מיין וואָרט;
איך טראָג די קרוין פון זיין מאַיעסטעט
און זוך אַליין אַ שטיקל אָרט.

## וועכטער

איך וויל באַשייד פון דיר דאָך הערן.

## הויפּנאַר
(ווייזט מיט דער האַנט צום טאָל)

באַשייד ליגט דאָרט אין אַ ים מיט טרערן.
ס'איז אַלץ דערפאַר, וואָס מיינע שונאים
רעגירן שטענדיג אויף דער וועלט,
וואָס דיכטער זיינען די נאַראָנים
און בייכער שלינגען איין דאָס געלט.
(קלאַפּט מיטן סצעפּטער דעם גאָלדזאַק אין בויך. מטבעות קלינגען)
יאָ, קלוגע וואַקסן ווי די שוואָמען;
פון גאָט געבענטשט איז חכמה־זאָמען.
אַוואו אַ שטיין און וואו אַ שפּאַלט,
אַוואו אַ הויפן און וואו אַספאַלט,
דאָרט שפּראָצט און קוועלט די חכמה ברייט,
צעשפּרייט זיך איבער קינד און קייט,
און מאַדאַם חוצפּה זייט ביי זייט,
איינגעווייט מיט טייוולשקויט.

## וועכטער

עס איז אַ נאַרנהויז געווען,
ווען איך האָב טאָל פאַרלאָזן.
איז דאָרט אַ נס אַזאַ געשען,
אַז חכמה הויך האָט זיך צעבלאָזן?
און וואו איז נאַר אהינגעקומען?

## הויפּנאַר

ווי יורקע'ס הונט מאַכט מען אים שטומען.
פאַרטריבן איז דאָס נאַרנבלוט,
פאַר'יתום'ט איז דאָס נאַרגעביין;
עס וויל די וועלט נאָך ניט פאַרשטיין,
אַז לייזונג ליגט אין נאַרנהוט.

די מענטשן קליגלען טאָג און נאַכט
אַ נייע וועלט צו פאַבריצירן,
פיל תרופות האָט מען צוגעטראַכט,
די פלענער גרייט אין די געהירן
פון שאַרף גע'מוח'טע פרינציפּן־פלעכטער.
(מיין וואָרט דאַרויף, ניט איינס אַן עכטער.)
דו זעסט: אַ טאָל געפילט מיט קלוגע לייכן!
מען וויל איבער פגרים צום הויך דערגרייכן.
און מענטש איז ערגעץ ווייט אַנטלאָפן, —
האָסטו אים, אַלטער, וואו געטראָפן?

## וועכטער

איך בין פון מ ע נ ט ש שוין לאַנג אַנטרונען.

## הויפנאַר

נו ס'האָט אים קיינער נאָך ניט געפונען.
ווייל די חכמים זאָרגן שוין דערפאַר,
דעם מענטש אַנטפּלעקן זאָל ניט דער נאַר.
אַזוי זיצט חכמה אויף דעם טראָן,
אַזוי פון מענטש איז ניט געוואָרן,
בלינד שטייט אַ וועלט אין זיך פאַרלאָרן
און ווייס אין קלעם ניט וואָס צו טאָן.
אַזוי ווערט טאָל מיט קעפּ פאַרשאָטן,
אַזוי וואַקסן טרעפּ צו עשאַפאָטן,
און יאָמער שטייגט ביז צו די הויכן,
דער הימל מוז פאַר חרפּה בלייכן, —
גענוג שטאָף פאַר מיר, דעם לץ, צו שפּאָטן —
כאַ־כאַ! כאַ־כאַ!...

## סוויטע

כאַ־כאַ! כאַ־כאַ!

קעניג
(ווייגט די פופע)

לאַ - לאַ, לאַ - לאַ.

הויפנאַר

נו הערט, וואָס איך דער נאַר פאַרקינדיג:
געווים, די וועלט איז טאַקע זינדיג,
נאָר געניג געליטן פון די חכמים
מיט די טיף - גע'מוח'טע פּרינציפּ - דעקרעטן!
די וועלט רעגירט פון בלויז נאַראָנים
מוז ווערן איצט און פון פּאָעטן!
מיר שאַפן דאָ אַ נאַרנבונד,
אויסלאַכן טאָל איז אונזער גרונט,
אויסלאַכן טיף, אויסלאַכן ברייט, —
זיי, וועלט, צו דיין באַפרייאונג גרייט!

וועכטער

ווי גלויבט דער דיכטער עס דורכצופירן?

הויפנאַר

מיין קראַפט די וועלט וועט גלייך דערשפּירן.
איך האָב אַ סוויטע מיטגעבראַכט
פון אויסגעפּרואווטע נאַרן,
און ווען זי לאַכט, כאַ - כאַ, עס קראַכט!
עס טרייסלט טאָל מיט זיינע האַרן!

סוויטע

כאַ - כאַ! כאַ - כאַ!
וואָס ווען מיר לאַכן,
פעלזן קראַכן!

!כאַ-כאַ! כאַ-כאַ
וואָס ווען מיר שפּאָטן,
!ווערט טאָל פאַרשאָטן
!כאַ-כאַ! כאַ-כאַ
!כאַ-כאַ! כאַ-כאַ

## קעניג

(וויגט די פּופּע)

לאַ-לאַ, לאַ-לאַ,
לאַ-לאַ, לאַ-לאַ.

## וועכטער

מוז מודה זיין, דאָס נאַרנבלוט
צום לאַכן איז פאַרטרעפלעך גוט.
נאַר ווער די סוויטע? מאַך באַקאַנט,
!פאַרקינדער פון דעם ווייטן לאַנד

## הויפנאַר

(פירט אַרוים דעם פילאָזאָף. שטעלט פאָר)

דער פילאָזאָף! געווען דער גרעסטער דיינקער.
זיין ווייזהייט פאַרבלייכט האָט נאַר דער היינקער.

## פילאָזאָף

(לאַנגע האָר. דאָקטאָר-מאַנטל. ברייט-געראַמטע ברילן. אין האַנט אַ טעלעסקאָפּ)

סיסטעם! דאָס איז געווען מיין לערע.
סיסטעם אין אַלץ,
אין ברויט און זאַלץ,
אויך אין דער אַטמאָספערע.
סיסטעם אין לעבן,
סיסטעם אין געבן,

און אויך סיסטעם אין נעמען,
סיסטעם אין רעכט,
אין גוט און שלעכט,
סיסטעם אין וועלטבאַנעמען.

די קונסט פון מיין אַסטראָלאָגיע
האָב איך פאַרבונדן מיט פילאָזאָפיע.
וואָס איך געזען האָב אין די שטערן,
האָט מיין סיסטעם געדאַרפט דערקלערן,
און וואו דאָס לעצטע האָט ניט באַנומען,
איז הימלרייך מיר צו הילף געקומען.

מיין לערע איז
געווען פּרעציז:
(אָ, מיין סיסטעם פון די סיסטעמען!)
מען זאָל אַ מענטשן ניט פאַרשעמען,
מען זאָל אַ שכן ניט באַרויבן,
די הייזער זאָלן האָבן שויבן,
באַזונדערס די פון דער רעגירונג,
דורכזיכטיג זיין זאָל דאָרט די פירונג.

איך האָב געפּרעדיגט טאָלעראַנץ
צו אַלץ וואָס האַלב און אַלץ וואָס גאַנץ,
צום מענטש, וואָס זוכט דעם גרויסן גאָט,
צו דעם, וואָס וויים ניט צען געבאָט,
צו דעם, וואָס אירט אין וויטן וועג,
פאַרגעסט צו ציילן נאָך זיך די טעג.

איך האָב געזאָגט גאַנץ קאַטעגאָריש:
די וועלט בכלל איז צו אכזריש,

מען מאָרדעט שווער, מען משפּט לייכט,
מען מילדערט ליידן ניט פון צווייטן,
מען היינגט זיך אויף די הענט נאָר קייטן, —
דער טייוול פון אַנטציקונג קייכט.

מיין רוף געקלונגען אין די גאַסן:
גענוג דאָס מאָרדן! גענוג דאָס האַסן!
פאַרנעמט, אָ קינדער, מיין סיסטעם,
און אַרוים די וועלט וועט פון איר קלעם.
די וועלט געשלונגען האָט מיין לערע,
די פרוי באַגרינדעט האָט איר ערע
מיט מיין סיסטעם. געווען אין מאָדע.
די דיכטער געזונגען האָבן מיר אַן אָדע,
קריטיק געשריבן האָט קאָמענטאַרן,
תלמידים געשטראָמט צו מיר אין שאַרן, —
נו איז געקומען אין טאָל דער שטורם,
אַלץ איבערגעגאָסן זיך אין נייעם פורם,
און מיך געמאַכט צום שלעכטן נאַרן.
(ציט זיך לאַנגזאַם צוריק)

## הויפנאַר

דער נאַר אין אים איז ניט גאָר שלעכט,
פאַר וועלטבאַפרייאונג צימליך עכט.
(פירט אַרויס דאָקטאָר קריטיקוס)
דאָ שטייט פאַר אייך אַ געלערנטער דאָקטאָר,
דעם קרומסטן קאָפּ, גלויבט מיר, פאַרמאָגט ער.
דערפאַר גענומען זיך צו קריטיק,
פאַר זיגזאַג-גייער אַן אייזערנע בריק.
(שטעלט פאָר)
דער קלאַון פון ערשטן בעסטן סאָרט!
דער דאָקטאָר קריטיקוס האָט דאָס וואָרט.

# דאָקטאָר קריטיקוס

(אַ גרויסער פּליך. די קליידער אויסגעשמירט אין פּעך און פּעדערן.
רעזערווירט טראָגיצע האַלטונג, בלאָנדזשענדיגער בליק)

איך האָב געשטעקט די נאָז אין אַלע לעכער,
געריסן שינדלען פון די דעכער,
געשמעקט אין זאַל, אין קיך, אין שלאָפגעמאַך,
אין די פּריווייען פון פּאַלאַצן,
שאַרף קריטיקירט דעם, יענעמס קראַצן, —
די ריינע קונסט, דאָס איז מיין זאַך.

איך האָב שעקספּיר אַראָפּגעריסן,
וואָלטער און געטהע אויף מיין שוים געשמיסן,
סאָלאָוויניִן אָנגעדרייט אַן אויער,
לייב טראָצקין געמאַכט דאָס לעבן זויער,
האָב נאַפּאָלעאָן געלערנט סטראַטעגיע,
די פאַרמערס ווי צו מעלקן קי.

אויך סטאַניסלאַווסקין האָב איך רעזשי
אַריינגעקנעלט מיטן גראָבן פינגער,
קאַרוזאָן געלערנט צו זיין אַ זינגער,
מאַרק ציצעראָ אַ בעל דרשן,
די פויגעלעך ווי צו פּיקן קאַרשן,
די זון צו שיקן אירע שטראַלן
אויפן הויכן פּליך מיין געניאַלן.

וועגן גראַף טאָלסטאָי האָט מיין קריטיק
אַרויסגערופן גרוים פוראָר.
זיין שרייבן צעריסן האָב איך שטיק אויף שטיק,
פאַרוואָס איז מיר אַליין ניט קלאָר.
באַרימטקייט קומט ניט מיט דעם ווינט,
זי ליגט אין גום פון פּעסלעך טינט.

פּאָעטן, שטריקגייער, מיניסטאָרן,
געלערטע, צימבלער און אַקטיאָרן
געלעגן זיינען אין מיין האַנט.
האָב קונסט געליבט, דאָס איז באַקאַנט.
אַ הון, וואָס האָט געלייגט אַן איי,
אַ האָן, וואָס האָט דערלאַנגט אַ קריי
געקרוינט האָב איך פאַר גרויס טאַלאַנט.

מיין נאָמען איז פון לאַנד צו לאַנד
געגאַנגען אין באַגלייטונג מיר.
האָט מען געוויזן מיר אַ טיר,
געקראָכן בין איך דורכן פענסטער;
געשראָקן האָט מען זיך פאַר מיר
ווי פאַר דעם טייוול און געשפּענסטער.
געוואָרן דער קוימען מיר אויך אַ וועג
אין מיינע קאַמפּלוסטיגע טעג.

מען האָט געהערט מיך ווי די וואַנט,
אין אַלץ געהאַט האָב איך דאָך אַ האַנט.
איבער ברייטע זומפּן און פלאַכע דעכער
געבויט מיין רום אַלץ העכער, העכער!
אויף ווענט און פאַרקענם קריטיק געשמירט,
האָב קריג מיט וועלט און זיך געפירט.

מיט מיין קריטיק האָט זיך געצירט
איעדער אינגל אויף דער גאַס.
האָב פיינט געהאַט קריטיק אָן האַס;
ווייל האַס איז בלוט און בלוט — קריטיק,
און ווייטער לויפט שוין וואַסער אונטער בריק.

דאָס וואַסער אָפּט געווען געדיכט
אפילו ניט ביי טאָגעסליכט.
אזוי געווען איז מיין מאַניר:
אויף זומפּ און בריק מיין הויפּטקוואַרטיר.

איך האָב דעם ים אויך שיר ניט שיר
געמאַכט צו דינען מיין באַגער.
קריטיק צו שרייבן איז, גלויבט מיר, שווער.
אזוי גערעגנט און געשפּריצט
האָב איך מיט זומפּ און ים. געשוויצט
אויף יענעמס קונסט און יענעמס ווערק;
מיט זיי געפּעדלט אויף אַלע מערק.

נאָר ס'איז דער ים אַרויס פון ברעג,
ציפּרעסן געפאַלן זיינען אונטערן זעג;
מען האָט אַ ריז אַזאַ ווי איך
פון קאָפּ ביז דיך
מיט פעדער אויסגעשמירט און פעך —
און דאָ שטיי איך אין נאַרנצעך.
(ציט זיך צוריק)

## הויפנאַר

דער פּעך אויף אים איז ניט צוגעקלעפּט,
ער האָט אין אים זיך אַריינגעלעבט.
(פירט אַרויס דעם ש ט ו ר מ ע ר. שטעלט פאָר)
אָט דאָ פון טאָל דער גרעסטער שטורמער!
פון איבערקער אַן ערשטער פורמער.

## דער שטורמער

דער שטורם! דאָס איז פון אייביג מיין אידעאַל.

אַראָפּ מיט גאָט, מלאכים און קאַפּיטאַל!
די זון זאָל שײַנען בײַנאַכט װי בײַטאָג
פֿאַר דעם באַפֿרײַטן פּראָלעטאַריאַט!
דען אין אַ מאָדערנעם צוקונפֿטסשטאַאַט
איז זון אַ טײל פֿון פֿאָלקספאַרמאָג.
און װעלכער לומפּ װעט װאַגן רױבן
בײַם פֿאָלק דאָס גלױבן
אין אַלמאַכט פֿון דעם זיגערשטורם?!
עס װאָלט געװען אַ שפּיל אום פּורים,
אַ זיג
פֿון אַ פֿליג,
װען די באַפֿרײַטע אַרבעטסװעלט
פֿון זון אַ רגע זאָל זײַן פֿאַרשטעלט.

מײַן רוף צום שטורם האָט טאָל פֿאַרנומען;
די הערשער און גאָט געמאַכט פֿאַרשטומען
מיט ביקס אין רוקן און שװערט אין זײַט,
שטאָך נאָך שטאָך!
בראָך נאָך בראָך! —
צו איבערקלײַבן האָט שטורם קײן צײַט.
איך האָב פּלאַמענדעקרעטן
צעשיקט מיט שטאַפֿעטן:
דאָס אָנגערױבטע פֿאַרמעגן,
װאָס האָט פֿון הימל דעם זעגן,
צעטײלן זאָל מען גלײַך אױף גלײַך,
צו אָרים, ניט צו רײַך!
די אונטערדריקער
אין שטיקער
געװאָרפֿן אין טײַך!

דער קעניג געפאַנגען!
די מיניסטאָרן געהאַנגען!
די דיקטאַטור אין מיינע הענט! —
אַזוי האָב איך די וועלט געברענט.
דער שטורם געטראָגן זיך ווייט און ברייט,
די געגנשטורמער געמאַכט רויט און טויט.
מיין תורה פון פאָלק געווען אָנערקענט.
נאָר מיט אַמאָל האָט זיך אַ קול
דערהערט פאַרלייגנ דעם גאַנצן טאָל:
„דער שטורמער פרעדיגט גיפט, פאַראַט
צום שטורם און פּראָלעטאַריאַט!" —
נאָך ווייס איך ניט ווי דאָס האָט פּאַסירט,
איין בריק! און איך האָב מיטן נאַר מאַרשירט.

## הויפנאַר

דו ביסט, מיין ליבער, אויפן ריכטיגן פּלאַץ,
אָן שמינק ביסטו פּאָרטעפּלעכער פּאַיאַץ.
(שטורמער טרעט אָפּ אָן אַ זייט. הויפנאַר פירט אַרויס ד אָ ס אַ נ ט ו י ש ט ע מ י י ד ל. שטעלט פאָר)
און דאָ אַ מיידל! געווען פון לעבן באַרוישט,
צופיל געגלויבט, צו שנעל אַנטוישט.

## דאָס אַנטוישטע מיידל

(פאַרשעמטער בליק)

איך האָב געלעבט און ניט געלעבט,
מיין לעבן האָט זיך אויסגעוועבט.
געווען בין איך אי שיין, אי קלוג,
די מענער אַלע האָבן מיך באַגערט,
געזוכט האָב איך וואָס גאָט באַשערט,
געקומען מיר איז לוג-באַטרוג.

דער ים צו קליין איז פאַר מיין צער, —
ליגט רעטונג אפשר אין דעם נאַר?
(ציט זיך צוריק מיט שטילע טריט)

### הויפנאַר

די רעטונג, קינד, איז זיכער ניט ווייט.
אין וואַשינגטאָן האָב איך זי קאָפּירייט.
(פּירט אַרויס און שטעלט פאָר דעם שוישפּילער)
דער קאָמעדיאַנט פאַר עקסעלאַנס!
געהאַט זיין הויך, זיין דעקאַדאַנס.

### שוישפּילער

(פאַרנייגט זיך ווי אין אַפּלויז)
איך דאַנק אייך, ווערטעם פּובליקום,
פאַר שיינקען האַרציג מיר אַפּלויז.
איך ווייס, עס איז פון ים דער רויש,
געמיינט דאָך איז עס מיר צום רום.
אַפּלויז דאָס איז דער זין פון שפּיל,
דער לייטמאָטיוו אין קינסטלער'ס ציל.
אַפילו אויך אין פעלד די גריל
שפּילט איר מוזיק צו דעם אַפּלויז
פון זאַנג און גראָז און פרעשגערויש.

בין קאָמעדיאַנט — געוויס, געוויס.
דאָס שפּיל עס מאַכט דאָס לעבן זיס.
דאָס לעבן איז אַ שפּיל אַליין,
אַ טאַנץ, אַ פלירט, אַ וואונק, אַ חן.
פאַרגאַנגען וואָלט דער מענטש אין צער,
ווען גאָט פאַרבאָרגט דעם רייץ פון שפּיל

פון מענטש מיט מענטש פאַר זיין אַלטאַר,
און לאָזט די בלוטן בלאָנדזשען קיל.

מיין שפּיל געווען איז פאַרבענרייך,
ווי רעגנבויגן אין כוואַליג טייך.
מיין אַמפּלואַ — פאַרצייכנט אויף פּאַפּיר:
פון איירפּידעס ביז שעקספּיר,
מאָליער, גאָלדאָני, שילער, איבסען, שאָו —
בין אויף זיי אַלע געוואָרן גרוי.
(פּאַטעטיש)

קלאַסיציזם,
מאָדערניזם,
טראַגעדי,
קאָמעדי,
און די ריינע דראַמע.
אין אַלץ געשאַפן קינסטלערראָלן,
נאָר איינס געקאָנט האָט מיר באַצאָלן:
אַפּלויז — רעקלאַמע.

האַמלעט, דער נאָבלער פּרינץ פון דענעמאַרק!
אין ברוסט ליגט ער מיר איינגעבאַקן שטאַרק.
ווען נאָר איך האָב די קליידער פון דעם פּרינץ געטראָגן
און ריטערלעך דאָס בלאַנקע שווערט פון שייד געצויגן,
האָב איך ניט בלוט געזען פאַר מיינע אויגן,
כאָטש געהערט דעם פאָטער׳ס גייסט נאָר קלאָגן:
נעם ראַכע, זון, און שוין די מוטער!

## הויפנאַר
(אָן אַ זייט)

די עברי גייט ביי אים ווי פּוטער.

## שווישפּילער

גערוועץ סופּליאַר מיר אַ פריינט אַ גוטער.
צום קאַסטן מיין געהער געבויגן,
ווי פייערצונגען די ווערטער געפלויגן.
דעגן אַן דעגן!
אַ פונקענרעגן
האָט סם געטריפט...
טראָפּ נאָך טראָפּ!
קלאָפּ נאָך קלאָפּ!
דער עולם פאַרבליפט.
כ׳ליג טויט אויף די ברעטער,
נאָר גאָט פון די געטער —
אַפּלויז־
גערויש,
הענט אַן הענט
אין עקסטאַז געברענט!
קראַך
נאָך קראַך! —
פון טויט וואַך,
ווער געטראָגן
צו מיין וואָגן
פון דער מאַסע — — — —
פול די קאַסע
נאַכט פאַר נאַכט.

## הויפנאַר

ניט אַלץ, איך שווער, איז אויסגעטראַכט.
איר מעגט זיין ראַלע ווייטער הערן.
נאָר כ׳בעט: אַן טרערן.

דאָס וויינען איז אַ שלעכטע זיטע,
עס קומט פון דער חכמים־כתה.

## שווישפּילער

(פאַרנויגט זיך)

מיין רום געשטיגן איז ביז די פּיראַמידן.
געזאָרגט פאַר דעם האָט דער ענטוזיאַזם פון די אידן,
די בעסטע קאָמעדיאַנטן פון דער וועלט.
זיי האָבן חוש פאַר שפּיל, הומאָר און געלט,
פאַר טראַגיק, מימיק, שמייכל, פינטל, שפּאָט, —
(אומזיסט האָט זיי ניט אויסדערוויילט דער גאָט.)
געהאַט ביי זיי אי פריינט, פאַרערער,
אַ איד געוועזן אויך מיין קאָמעדיאַנטנלערער.
אַזוי בין איך געוואָרן דער באַרימטער קאָמעדיעטרייבער,
געהאַט ערפאָלג אויך ביי אַלע קלאַסן ווייבער.
און אַז געקומען איז דאָס שפּיל פון טראַגיק און קאָמעדי,
האָט מען צו מיר געזאָגט: — צי!
די קונצענמאַכער האָבן מיר צופיל.

(פּאַטעטיש)

אָפּגעשפּילט אַ לעבן,
ס'בעסטע דעם פאָלק געגעבן,
פאַרטריבן שטיי איך אין דער גאַרנסוויטע.
איך ביטע,
באַטראַכט נאָר אַלע גוט די לאַגע: —
„זיין אָדער ניט זיין, דאָס איז די פראַגע.“

(פאַרנויגט זיך ווי אין אַפּלויז און טרעט צוריק)

## הויפנאַר

די פראַגע „זיין“ איז שוין אַנטשידן.
פון טאָל פאַרטרייבן מיר אַלע אידן,
זיי קאָנען פון חכמה צו גענוי דאָס שפּיל.

## קעניגין

אַזוי קומט איר שנעל און זיכער צום ציל.
דאָס יודענפּאַק
האָט מיט גאָלד אין זאַק
פון טראָן דעם קעניג געשטירצט.

## הויפנאַר

די דאַמע רעדט אַ ביסל צו געווירצט.
קיין מענטשנהאַס אין אונזער בונד,
קיין גיפט, קיין ראַכע, קיין אכזריות!
די מענטשהייט בלאָנדזשעט אין די מדבריות
פון חכמה. אָט פאַרוואָס זי גייט צו גרונט.
געווים, דער איד איז היבשלעך שולדיג,
די נאַרן געווען זייען אָבער צו געדולדיג,
געלאָזט אים זייען חכמה אין אַלע עקן וועלט.
דערפאַר ווען טאָל וועט ווערן אויסגעלאַכט,
און מיר, די נאַרן, צו הערשאַפט געבראַכט,
דער איד מוז ווערן אין אַ ווינקל געשטעלט.

## קעניג

ניט לייכט די זאַך איז דורכצופירן,
געהאַט צו טאָן מיט דעם פּראָבלעם.
איך האָב אָן אידן געפּרואווט רעגירן,
און טאָל געווען איז דאָך אין קלעם.

## הויפנאַר

די לאַגע, קעניג, האָב איך גוט באַטראַכט,
איין אידן זיכער האָב איך מיטגעבראַכט.
(פירט אַרויס דעם גאָלדזאַק און שטעלט פאַר)

דער גאָלדזאַק! געווען רייך און מעכטיג.
אַ מאָדנע בריאה, אָפט פאַרדעכטיג.

### גאָלדזאַק

(קליידונג אַ געמיש פון אַלטן טראַדיציאָנעלן אידן און מאָדערנעם פינאַנסיר. דיקע בויך אין קענטיגן צוריקפאַל, זאַקמעסיג און גאָלדיג)

די ווינטן אַלע זיינען מיר אַרויס אַנטקעגן,
ווי נאָר איך האָב די וועלט דערבליקט,
פאַרשטעלט צו גאָט מיר אַלע וועגן;
אין ווינטגעווירבל מיך שיר צעפליקט.
איך בין נאָך בבל קוים אַנטרונען,
אַ לייטער צו גאָט מיט מיין חכמה געשפונען,
צום טורם געלייגט דעם פונדאַמענט.
(די וועלט נאָך האָט ניט געהאַט געברענט.)
די אַרבעט געווען איז דוקא געראָטן,
דער מענטש געווען שוין נאָענט צו גאָט,
האָט עפּעס געטראָפן, מעשה שטן,
און בבל געגאַנגען איז באַנקראָט.
איך זאָל נאָך היינט פאַר בבל צינזן.

### הויפנאַר

פאַרגעס ניט, איד, אַז דו האָסט פאַר לינזן
אַ טאָפּ געקויפט פון ברודער די בכורה.

### גאָלדזאַק

ניין, ניט פון ברודער, נאָר פון מ ע נ ט ש ן - מ י ן,
ווען ניט געהאַט וואָלט עס קיין זין
פאַר מיר, געווען וואָלט עס קיין סחורה.
אַזוי געווען איז מיר באַשערט
מיט בכורה צו מעסטן דעם ים און די ערד,

דעם מצרי זיין פּיתום ורעמסס צו בויען,
דעם יענקי זיינע וואָלקנקראַצער,
דער וועלט אַ גאָט צו אָנפּאַרטרויען
און וואַנדלען אַליין אַלס מעקלער און שוואַצער.
דאָס געטלעכע אין דעם מענטשן געזוכט,
די וועלט — דעם מענטשן אין גאָט ;
געקרייצט האָט בכורה מיט שווערד און שפּאָט,
דער טייוול האָט ליבלעך צוגעפלוכט.
אַזוי אין וואַנדער
פון לאַנד צו אַנאַנדער
געזוכט האָב איך אַ תיקון ;
האָב לאַנד צו לאַנד
באַהעפט ביינאַנד
דורך בויען פּאַפּירענע בריקן.
געבויט און פאַרברענט
מיט אייגענע הענט, —
געזוכט האָב איך אַלץ דעם תיקון.

## קעניגין

(אָן אַ זייט)

אין מוטער׳ס שויס געדאַרפט אים דערשטיקן !

## גאָלדזאַק

האָב געלט און חכמה געטיילט אויף פּראָצענט,
פיל ווערקסלען און תורות אַדורך מיינע הענט :
סאָציאַליזם,
אַנאַרכיזם,
און פאַר אַלעם מאָנאַרכיזם ;
דעמאָקראַטיע.

פּלוטאָקראַטיע,
ניהיליזם,
אַטעאיזם,
און ניט פאַרגעסן דעם מאָנאָטעאיזם.
האָב אַלץ געשטיצט
און אַלץ געבראָכן,
די וועלט געשוויצט
האָט ביזן קנאָכן!

דאָס גאָלד אין זאַק געהאַלטן אָפן
פאַר די ערלייזער פון דער וועלט,
איך האָב דעם אמת ווי דאָס בלאָפן
צו שטיצן קיינמאָל ניט פאַרפעלט.
אין לעצטן שטורם בין איך געשטאַנען
מיט אַלע ווינטן כמעט צוגלייך;
איך בין געפאָרן אויף אַלע באַנען,
וואָס זיך געקרייצט אין עקסנרייך.
די לעצטע באַן האָב איך גענומען
מיט אָט דער נאַרנסוויטע,
און ווידער וועלן ווינטן זשומען,
וואָס איך האָב דאָ אַ שליטה.
איך האָב אַ ביסל מינץ אין בויך,
אַרויסגעשלעפּט פון אַש און רויך,
איך גיב עס אָפּ צום גרויסן צוועק
פון שפּאַט,
אויסראָט
די חכמים,
און גילטן זאָל פון עק צו עק
די חכמה פון נאַראָנים!

### הויפנאַר

עי, עי, דו איד! דיין חכמה דאָרט פאַרשטעק!
פון חכמה אַ וועלט ליגט טיף אין שרעק.
אין טאָל דיינע ברידער קנייטשן אויך דעם שטערן
דעם נאַרנוועג אונז צו באַשווערן.

(לייגט אַרויף די האַנט דעם גאָלדזאַק אויפן שולטער)

מיר נעמען דיין גאָלד. די אַרבעט איז גרויס.

(אַ קלאַפּ מיטן סצעפּטער דעם גאָלדזאַק אין בויך. מטבעות קלינגען.
צו דער סוויטע)

מיט אידנבויך צום ציל פאַראויס!

### סוויטע

(אין כאָר)

מיר גייען! מיר מאַרשירן!
מיר ברעכן אויף די טירן
פון דעם חכמים - זיץ
מיט נאַרנמיץ!

### וועכטער

דיין סוויטע, דיכטער, איז אימפּאָזאַנט,
דו האָסט פּאַיאַצן, לצים פון אַלע סאָרטן,
נאָר ווי דערגרייכן די הערשאַפט דאָרטן
באַגרייפט נאָך אַלץ ניט מיין פאַרשטאַנד.

### הויפנאַר

דו ביסט, מיין וועכטער, נאָענט צום הימל
די גאַנצע צייט אָט דאָ געזעסן;
האָסט טאָל און מענטשן רעכט פאַרגעסן,
אַלץ זעסטו נאָך ווי דורך אַ דרימל.
ווען אונזער לאַך און שפּאָט וועט נעמען קלינגען,
די חכמה-קייטן וועלן גיך צעשפּרינגען.

**וועכטער**

דו האָסט דעם פּעלז דיין ווערק צו דיכטן.
איך זע דו פּלאַנסט אַ מענטשלעך טאַט,
דו ברויכסט פאַר דעם אַ לופטיגן קלימאַט
און ניט פון טאָל דעם עפּושדיג-געדיכטן.
דיין ווערק צו זען איז אינטערעסאַנט.

**הויפנאַר**

דו גייסט נאָך, אַלטער, מיט אין נאַרנלאַנד!

**וועכטער**

דאָס ליגט אין שטעמפּל פון דער צייט.

**הויפנאַר**

דער שטעמפּל ליגט ביי נאַרנלייט.
די קרוין זיצט פעסט אויף דיכטערקאָפּ,
קיין מאַכט נעמט זי פון דאַנען ניט אַראָפּ!

**קעניג**

(טרעט צו)

באַהאַלט די קרוין, דו געזאַלבטער דיכטער,
זיי דו איבער טאָל פון גאָט דער ריכטער.

**הויפנאַר**

וויל מאַיעסטעט צום נאַרנבונד געהערן?
איך גיב דיר גלייך אַ פּאָסטן.

**קעניג**

גערן

טרעט איך אַריין אין נאַרנרייך.

איך וואַרף זיך אונטער גאַנץ דיין ווילן,
מיין אָרימע פּופּע העלף איינשטילן —
(וויגט די פּופּע)

לאַ-לאַ, לאַ-לאַ.

## סוויטע

(לאַכט)

כאַ-כאַ! כאַ-כאַ!

## קעניג

אין אָט דעם שווערן שיקזאַלטייך
מיין הערשערווילן האָט לאַנג פאַרשטומט.

## קעניגין

(קאָכט אויף פּאַר צאָרן. מיט גיפטיגן סאַרקאַזם)

ווי שיין עס האָט דער לייב געברומט!
(פּאַטשט מיטן פּאַנטאָפל דעם קעניג אין פּנים)

פאַראַט צו גאָט און עקס, דו הונט!
אַזאַ בלאַמאַזש, אין פּאַיאַצנבונד!
אָ דו, מיין קאַץ, מיין טרייע קאַץ,
זיין נאַרנפּנים אים צעקראַץ!
(זי קוועטשט די קאַץ ביים האַלז. די קאַץ מיויקעט)

## פּאָמפּאַדור

כאַ-כאַ! די קאַץ ציגט אירע שפּיצן,
דער קעניג ציילט ביי זיך די ריצן.

## קעניגין

(היסטעריש)

אַך, גאָט! — דער הונט — מיין קאַץ — פּאַנטאָפל —

### הויפנאַר

(אָן אַ זייט)

זי ווועט נאָך שיילן ביי אונז קאַרטאָפל.

(באַפעלט)

נעמט אַריין די דאַמע אין איר געצעלט!

צוויי וועכטער ביי דער טיר געשטעלט!

### קעניגין

(געפירט פון צוויי ערב־רבניקעס. אין שטייגנדער היסטעריע)

מיין טראָן, מיין טראָן איז נאָך ניט אויפגעשטעלט!...

(זי ווערט אריינגעפירט אין געצעלט. די צוויי בלייבן שטיין אַלס וועכטער ביי דער טיר)

### קעניג

איך גלויב, פּרינצעסין ווערט גוט באַוואַכט.

### הויפנאַר

קיין פּרינץ וואָלט בעסער ניט צוגעטראַכט. —

נו גיב די האַנט און טריישאַפט שווער.

### קעניג

(גיט אים די האַנט)

איך טו, דערלייזער, דיין באַגער.

### סוויטע

(אין כאָר)

זאָל לעבן דער דערלייזער,

פון פעלז און נאַר דער קייזער!

פאַר וועלטבאַפריי

און מענטשבאַניי!

הוראַ! הוראַ! הוראַ!

כאַ־כאַ! כאַ־כאַ! כאַ־כאַ!

## הויפנאַר און קעניג

(מיט געשלאָסענע הענט אָן פּופּע און סצעפּטער. וואָרט אין וואָרט)

האַר
און נאַר,
מיר שווערן:
צום נאַרנבונד
מיר געהערן!
אויסלאַכן טאָל,
די מענטשן קלוג,
אַראָפּ דער עול
פון קלוג-באַטרוג!
מיט נאַרנצוג
צוריק אין טאָל!
מיר לאַכן —
כאַ-כאַ! כאַ-כאַ!
לאַ-לאַ! לאַ-לאַ!
כאַ-כאַ! כאַ-כאַ!

(קעניג און הויפנאַר דרייען זיך אין ווירבל-טאַנץ)

## סוויטע

(לאַכט הילכיג)

כאַ-כאַ! כאַ-כאַ!
מיט נאַרנצוג
צוריק אין טאָל!
אין טאָל! אין טאָל!
כאַ-כאַ! כאַ-כאַ!
כאַ-כאַ! כאַ-כאַ!

(די סוויטע דרייט זיך מיט אין ווירבל)

### האָפנאַר

(אונטערבראָכן פלוצלינג דעם טאַנץ. באַשטייגט אַ העכערונג, נאָענט צום וועכטער. באַפעלט)

טוט אָן איר אַלע די נאַרנמיצן!
פון טאָל ביז הימל זאָל טפשות בליצן!

(אַלע, אויסער דער וועכטער, ציען אַרויף אויפן קאָפּ די נאַרנמיץ. דער האָפנאַר טוט זי אָן אויפן שפּיץ פון קרוין)

### האָפנאַר

און איצט שלאָגט אויף דאָס נאַרגעצעלט!
אָט דאָ פאַנגט אָן באַשאַף פון וועלט.

(עס ווערן אויפגעשלאָגן געצעלטן. דער האָפנאַר באַטראַכט די סצענע פון זיין דיסטאַנץ, שפּרינגט דאַן אַריין אין דער סוויטע)

די אָרדנונג שנעלער פעסטגעשטעלט!
איך טייל אייך יעדן צו אַ פּאָסטן,
ווי אויף דעם רוקן צוגעמאָסטן.

### סוויטע

(ווי אין כאָר)

מיר זיינען גרייט פאַר דיר צו טאָן
פון וועלטגעבורט ביז קריי פון האָן.

### האָפנאַר

דער פילאָזאָף פון בונד ווערט סעקרעטאַר,
ער נעמט אַ פען און שרייבט איין נאַר פאַר נאַר.

### פילאָזאָף

(נעמט אַרויס פון זיין פעקל אַ גרויסע געגנזענע פעדער)

מיין פען איז גרייט צו דינען, קאָמעדיאַנט.

### האָפנאַר

די אַרבעט דעם דיינקער דאַרף זיין באַקאַנט,
ניט איין נאַרנצייכן האָט זיין פען געקריצט.

**פילאָזאָף**

איך האָב אויף דעם אַ לעבן געשוויצט.

**הויפנאַר**

(צום שטורמער)

דער שטורמער איינבויגן זאָל דעם רוקן!

**שטורמער**

גערן מעגט איר אַריינקוקן

אין מיין אויסגעשטורמטער וועלט.

(בויגט זיך איין)

**הויפנאַר**

איך האָב דיך, נאַר, אַלס טיש געשטעלט.

(שאַרט מיטן סצעפּטער איבער דעם שטורמער׳ס איינגעבויגענעם רוקן)

דיין רוקן איז קנאַכיג - האַרביג געהובלט.

**שטורמער**

(געבויגן)

ע׳ם האָט אַ וועלט איבער אים געיובלט.

נאָך פיל איך איצט דעם רויש און קיצל.

**הויפנאַר**

ווי פּאַסט דיר דאָרט דיין נאַרנמיצל?

**שטורמער**

איך האָב קיין שפּיגל ניט פאַר זיך.

**הויפנאַר**

דער דאָקטאָר קריטיקוס אַהער און גיך!

דאָקטאָר קריטיקוס טרעט צו. הויפנאַר ווייזט אים אָן צו פאַרנעמען אַ פּאָזיציע אונטער שטורמער׳ס הענט און פּנים.

### הויפּנאַר

(צום שטורמער)

דו קאָנסט זיך שפּיגלען אין אָט דעם פּליך!

### שטורמער

(מיט ביידע הענט געשטיצט אָן דר. קריטיקוס' שולטער.
שפּיגלט זיך אין זיין פּליך)

כאַ-כאַ! איך זע אַ צורה פון אַ נאַר.

### הויפּנאַר

דיין פּאָסטן האָסטו דאָך דערפּאַר.
צו זיין דער נאַרנטיש איז, פריינט, אַ זכות.

### שטורמער

אוהאַ, איך זע אין שפּיגל דעם גאַנצן מהות
פון טאָל בעת און פאַר דעם שטורם.

### הויפּנאַר

דו האָסט פאַר זיך די ריכטיגע פורם.

### שטורמער

(באַקוקט די פינגער, וועלכע זיינען געוואָרן קלעפּיג)

די זאַך שיינט מיר אַ ביסל צו פּעכיג.

### הויפּנאַר

ניט וואַקלען זאָל דער טיש און ניט זיין ברעכיג!

### שטורמער

(ברייינגט די הענט ווידער אויף דר. קריטיקוס שולטער)

### דאָקטאָר קריטיקוס

דער שטורמער איז מיר עפּעס צו שטעכיג.

### הויפּנאַר

דער שווישפּילער - קאָמעדיאַנט
וועט מיט זיין רעכטער צויבערהאַנט
ביי מיר אָנפירן די קונסטרעזשי.

### שווישפּילער

(פּאַלט אויף די קני. פּאַטעטיש)

מיין גרויסער מאַסטער, זע, איך קני!
בין טיף געריהרט פון דער גרויסער ערע
צו זיין ביי דיר רעזשיסאָר
פון אַזאַ גראַנדיעזן נאַרנכאָר.
יאָ, גראַטיס האָסטו מיין דינסט און לערע.
(שטעלט זיך אויף)

### הויפּנאַר

(באַפעלט)

אַנטוישטע מיידל, פאַרנעם אַ פּלאַץ
אויפן רוקנטיש!

### אַנטוישטע מיידל

בין גרייט, פּאַיאַץ.

זי זעצט זיך אַרויף אויפן געבויגענעם רוקן פון שטורמער. דער פילאָזאָף שלעפּט אַרויס פון זיין פּעקל אַ גרויס בוך מיט אַלטע, אָפּגעריבענע טאָוול און נייע בלעטער. הויפּנאַר נעמט ביי אים דאָס בוך און לייגט עס געעפנט אין מיידל'ס שויס.

### הויפּנאַר

(צום מיידל)

האַלט צו דאָס בוך מיט דיינע הענט, און פּעסט!
מיר אַלע וועלן שוין טאָן דאָס רעסט.

## אַנטוישטע מיידל

(האַלט אַן דאָס בוך מיט אירע ביידע הענט)

איז רעכט אַזוי?

### הויפנאַר

(אַ בליק צום שוישפּילער)

וואָס זאָגט די קונסטרעזשי?

### שוישפּילער

(קוקט דורך אַ מאָנאָקל)

אַזוי איז גוט... נאָר דאָ אַ לייכטן צי
די רעכטע האַנט אַ ביסל מער צום ברעג.
די לינקע — פיין. נעמען וועט געציילטע טעג
און זי די ראָלע וועט אַנטשידן קענען.
מיט מיין רעזשי ניט זיין זיך וואָס צו שעמען.
דאָס מיידל — יאָ, איז קאָלאָסאַל געשיקט.

### הויפנאַר

ס'וועט יעדער זיין געוויס אַנטציקט
דעם מיידלשוים צו זען אַלס שטענדער
פאַר נאַרנבוך און וועלטקאַלענדער.
(צום קעניג)
זיין מאַיעסטעט וועט אויך צודינען.

### קעניג

זאָל איך מיין פאָסטן אַליין געפינען?

### הויפנאַר

די קונסטרעזשי וועט שוין באַשטימען.

זאָגט עפּעס אויפן אויער דעם שוישפּילער, וועלכער ווייזט אָן דעם קעניג
צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ לינקס פון פילאָזאָף.

### הויפנאַר

און דו, מיין ליבע פּאָמפּאַדור,
דו פּאָרסט דאָך מיט אין דער נאַרנפור,
וואָס זאָל דיין ראָלע זיין?

### פּאָמפּאַדור

עס דאַרף ניט זיין קיין גרויסע פּיין
פאַר דער רעזשי צו טרעפן.

### שוישפּילער

גערעכט, ביי גאָט, איז די שיינע גרעפין.
איך ווייז איר באַלד דעם ריכטיגן אָרט —
(אָן אַ זייט)
נאָר וואָס געפינט מען פאַר איר פאָרט,
דעם הימל ניט צו שפּאַלטן?
(פאַרנעמט פון הויפנאַר אַ וואָרט אויפן אויער)
אַך יאָ... זי זאָל דעם טינטער האַלטן.

### פילאָזאָף

(נעמט אַרויס פון זיין פּעקל אַ ריזיגן טינטער, דערלאַנגט עס פּאָמפּאַדור, וועלכע שטעלט זיך ביי זיין רעכטער זייט.)

פון אָט דעם גרויסן טינטנפאַס
שעפּט מענטש זיין ליבע, שעפּט זיין האַס.
עס האָט אין זיך אַ צויבערמאַכט,
עס טריקנט איין אַדורך דער נאַכט,
נאָר ווי די זון דעקט אויף די שאַנד,
זע, פול ווערט טינטער איבערן ראַנד.

### פּאָמפּאַדור

די צויבערקונסט איז מיר באַקאַנט.

### הויפנאַר

(צום גאָלדזאַק)

און דו, מיין גאָלדזאַק, דעם בייטל אין די הענט!

### גאָלדזאַק

ווי ס'שטייט געשריבן אין דעם אַלטן טעסטאַמענט.

(ציט אַרויס פון בויך אַ בייטל גאָלד)

### הויפנאַר

(צום שוישפּילער)

איז אַלץ אין אָרדנונג, מיין ליבע רעזשי?

### שוישפּילער

מיט מיין מאָנאָקל נאָך איין איבערפּלי.

(באַטראַכט מיטן מאָנאָקל די סצענע)

די סצענע געפין איך גאַנץ פּערפעקט.

(אַ ווייטע באַוועגונג מיט דער האַנט אין דער לופט)

דער פאָרהאַנג נאָר איז אויפגעדעקט.

### הויפנאַר

דאָס שפּיל גייט אָן פאַר דער גאַנצער וועלט.

עס צאָלט דער איד פאַר אַלץ מיט געלט.

### דאָקטאָר קריטיקוס

דאָס גאַנצע טעאַטער אויף מיין געניק,

ווי זאָל איך שרייבן די קונסטקריטיק?!

### הויפנאַר

דו האָסט, מיין דאָקטאָר, אַ געאיבטע פען,

מען שרייבט קריטיק אויך אומגעזען.

(צום ערב־רב)

דער לעצטער אַקט צו וועלטגעבורט,
די לענדן פּעסט נאָר אָנגעגורט!

## ערב-רב

(מאַכט זיך גרייט ווי צו אַ העלדנטאַט)

## הויפּנאַר

דאָס שפּיל פאַנגט אָן צו דער רעכטער צייט;
אין בוך פאַרשרייבט ער דעם באַטייט.
(צום פילאָזאָף)

נו שרייב!

דער פילאָזאָף טונקט איין די פּעדער אין טינטער, בויגט זיך איבערן בוך גרייט צו שרייבן. דער קעניג האַלט אים צו ביי די האָר יעדעס מאָל, ווען ער בויגט זיך איבערן בוך. מיט דער פּופּע אין זיין צווייטער האַנט טייטלט דער קעניג אויך אַריין אין אָפענעם בוך.

## פילאָזאָף

גרייט איז מיין פּען.

## הויפּנאַר

(דיקטירט)

בראשית — איז געווען
די וועלט נאָר און פּוסט.
דאַן האָט די קלוגע שלאַנג
דעם מענטש געגעבן פון איר געטראַנק,
און מענטש פאַרלאָרן האָט זיין לוסט
צו שאַפן גרויסע ווערטן;
פאַרטיליגט אַלץ דורך שווערטן
פון גיפטזין און פאַרשטאַנד.
נו איז געקומען דער נאַרנמבול,
פאַרטרונקען דעם מחבל —

דעם חכם - מענטש פון לאַנד.
דאָס לעבן באַקומען האָט אַ תיקון,
ס'וועט מ ע נ ט ש מיט מ ע נ ט ש זיך מער ניט שטיקן
מיט גיפטזין און פאַרשטאַנד.
ואלה תולדות — אַזוי איז געבאָרן
אַ נייע וועלט אָן קריג און צאָרן,
מיט לאַך און שפּאָט
און נאַרנטראָט.
די נעמען פאַרשריבן לזכרון:
דער הויפנאַר קאָמענדאַנט,
דער קעניג זיין ליַנקע האַנט . . .
(דאָס איבריגע איז דאָך באַקאַנט.)
געשאַפן אַלץ מיט רעזשי און קונסט,
די וועלט אַרויס פון חכמה - דונסט,
ניט מער קיין חכמים - שטיבל! —
אַזוי געשריבן שטייט אין נאַרנביבל.
(שפּרינגט אַרויף צום וועכטער'ס הויך)
געפעלט דיר, אַלטער, מיין באַשאַף?

## וועכטער

עס האָט מסתמא אַ באַטראַף.
איך קען די אַלטע ביבל זייער גוט,
געשעפט אין איר אי טרייסט, אי מוט,
געדינט מיר דאָ אַלם האַפן;
די וועלט, וואָס ווערט אָבער דאָ געשאַפן,
איר נאַרן, האָב איך ניט דערקענט.

## הויפנאַר

דאָס איז דער דריטער טעסטאַמענט,
נאָך עלטער פון דעם אַלטן,

די קלוגע האָבן אים פֿאַרברענט
אין זייער שאַלטן־וואַלטן.
די טאָוולען זײַנען בלויז פֿאַרבליבן,
די בלעטער האָב איך שפּאָגל ניי,
מיר נאַרן האָבן וואַרטנגעטריי
די וועלטגעבורט אין אים פֿאַרשריבן.
(פּויזע)
זאָל איך דײַן נאָמען אויך פֿאַרשרײַבן?

## וועכטער

איך דאַנק. איך וויל פֿון ווײַטן בלײַבן
אַלס פֿרייער צושויער צו דעם שפּיל.

## שוישפּילער

(שפּרינגט אויף)

אויף פֿרייען בילעט?! עס ווערט מיר קיל
פֿון אָט די פֿרייע קונסט־מבֿינים.
די העכסטע קונסט גיב זיי נאָך אַלע דינים!
אַ וועלטגעבורט ווי זיי פֿאַרשטיין!
מײַנע דאַמען און הערן, עס איז געמיין.

## הויפֿנאַר

(טרעט צו צום שוישפּילער)

זאָל די רעזשי ניט זײַן פֿאַרביטערט;
דער פֿאָרהאַנג ערשט אַרויפֿגעצויגן,
דאָס שפּיל גייט אָן פֿאַר אַ וועלט מיט אויגן, —
זיי קומען אַלע אַהער פֿאַרציטערט.
(אַ מאַך מיטן סצעפּטער אין דער הויך)
אַנו, נאַראָנים, צום ספּעקטאַקל!
אָט ווי איר שטייט אַזוי סצענירט,

מיטן ערב-רב און הכל בכל,
אַ דונערקראַך און ניט זשעניִרט!
אַ לאַך!
אַ קראַך!
לאַך נאָך לאַך!
קראַך נאָך קראַך!
כאַ-כאַ! כאַ-כאַ! כאַ-כאַ!

## סוויטע

(אין דער פאָרמירטער סצענע)

כאַ-כאַ! כאַ-כאַ! כאַ-כאַ!
כאַ-כאַ! כאַ-כאַ! כאַ-כאַ!

## הויפּנאַר

(האָרכט)

דער טורעם ברייַנגט אַ ווידערקול,
איך פיל, עס ציטערט שוין דער טאָל.

## סוויטע

(אין כאָר)

נאָנט איז דער זיג
פון לאַך און שפּאָט,
אָן בלוט און קריג,
לויט נאַרגעבאָט.

## וועכטער

אָט דאָס זאָל הייסן וועלטדערלייז?
מ ע נ ט ש  ד ו ר ך  מ ע נ ט ש  באַפרייַ?
די שיטה איז אַפילו ניי,
מיט לאַך און ניט בייז.

(ער ציט מיט די אַקסל און מאַכט אַ באַוועגונג אָפּצוגיין)

דאָס ליכט אין טורם־שפּיץ הויבט פלוצלונג אָן זיך דרייען ווי אין אַ ווירבל. אַלעמענס אויגן צום טורם געריכטעט. נאָך אַ לאַנגער רגע קומט דער ליכט־קאַמף צום אָפּברוך. דאָס ליכט לעשט זיך אויס. בלויז אַ ליכט־שטראַל שלאָגט אַדורך דער לאַדנעפענונג פון טורמהייזל.

## נעפּטונאַ

קליידונג ווי אַ נימפע. לאַנגע בלאָנדע שטראַלן־האָר שפּרייטן זיך איבער אירע שולטער. קומט צו לויפן פון טורם. איר פּנים דריקט אויס שרעק. זי כאַפּט אָן וועכטער׳ס האַנט.

## וועכטער

(טוליעט זי צו זיין ברוסט)

וואָס איז געשען, נעפּטונאַ מיין קינד?

## נעפּטונאַ

אוי, זיידע, עס האָט אַ שטורם־ווינט...

(זי בליקט דערשטוינט אַרום)

דאָס ליכט אין טורם איז אויסגעגאַנגען...

## וועכטער

מיר זיינען, קינד, ביי דער וועלט געפאַנגען.

## נעפּטונאַ

וועט קיינמאָל מער דער טורם ליכטן?

## וועכטער

ווער קאָן דורכבליקן אַ נעבל אַ געדיכטן?

(פירט אָפּ נעפּטונאַן צום טורם, באַגלייט פון אַלעמענס בליקן)

## הויפנאַר

(טויטלט מיטן סצעפּטער אין אָפענעם בוך)

אַזוי שרייב איך אין נאַרבוך די געשיכטן.

כאַ־כאַ!

## סוויטע

כאַ־כאַ! כאַ־כאַ!

סוף פון ערשטן טייל

## פערזאָנען

מ ש י ח
א י י ז ל
מ ל א ך
כ ר ו ב י ם

אָרט: גן עדן התחתון

# דער גן עדן התחתון

אַ פֿאַרוואָרפֿענער ווינקל אין מזרח. אַ פֿאַרטריקנטער גאָרטן. אַ טויער אויף שלאָס אין הינטערגרונט. אייניגע בוימער אָן לעבן. דער עץ החיים אין מיטן גאָרטן, אַ משונה דיקער און צעקרימטער בוים, מיט אויפגעפּראַלטן בויך; מאָך וואַקסט פֿון אים אַרויס. דערביי דער עץ הדעת, הויך און דאַר, מיט פֿאַרטריקנטע צווייגן. דער עפּל, פֿון וואַנען חוה האָט געביסן, הייגנט אַראָפּ פֿון אַ צווייג, איז גרויס צעוואַקסן, דער ביס אין אים קענטיק. אַזוי אויך די סמנים פֿון צעוועדמונגג.

אַ פֿלאַכער גראָבן פֿון אַן אויסגעטריקנטן טייך. דער גרונט באַדעקט מיט מאָך. קיין גראָז. די ערד טרוקן און צעמורשקעט.

משיח בן דוד, אַלט, געבראָכן, אין בעטלער־קליידער, זיצט מיט אַ קייט געבונדן אָן עץ הדעת. אַן אַלטער, אָפּגעריבענער גלאָבוס אין זיינע הענט. זיינע אויגן דורך ברילן און די דאַרע פינגער זוכן נערוועז איבערן גלאָבוס.

דער אייזל שטייט ביים גראָבן. זוכט מיטן שנוק אַ ביסל וואַסער, טרייסלט מיט די אויערן, גייט איבערן גאָרטן, זוכט און שמעקט נאָך אַ ביסל גראָז, הויבט דעם קאָפּ צו די בוימער — יאוש. שטעלט זיך אָפּ ביים עץ החיים און גראָבט זיך אַריין מיט דעם קאָפּ אין מאָך פֿון אָפּענעם בויך.

## משיח

(הויבט אַרויס דעם קאָפּ פֿון גלאָבוס)

ווי לאַנג זיץ איך געקייט מיטן גלאָבוס דאָ
און וואַרט אויף קום פֿון טאָג און שלאָג פֿון שעה?!
די צייט איז מיר געוואָרן שווינדעלדיגער שוים,
אַ דין געוועב, אַ שפּינוועבס מיר דער גאַנצער רוים.
די אויגן טרערן טריב, די גלידער שווער און מאַט,
איך האָב פֿאַרגעסן באַלד וואָס איז מיין נעקסטע טאַט.
דעם קוגל פֿון דער ערד געגישטערט און שטודירט,
אַריבער יעדן פינטל טרער און האַנט געפירט.

מיליאָנען אויגן קוקן פון איר צו מיר אַרויס,
און אָט פאַרלעשט אַ וועלט זיך אין איר גאַנצער גרויס.
עס טאַנצט אַ קליינער פינטל נאָך אין חלל ווייט,
אַן אויג, אַ שטערן, פינטל צאַפּלען זיך אין בייט.
אַ דורך די דאַרע צווייגן וויל קיין סוד ניט קומען,
אַ פינטל אויסגעלאָשן וויים אויך דעם סוד פון שטומען.
(בלייבט זיצן אַ רגע מיט שטאַרן בליק אין חלל. קוקט דאַן ווידער אַריין אין גלאָבוס און זוכט אין אים נערוועז)
ניט וואו, ניט וואו צו זען אַ פלעק, אַ ווינקל ערד,
וואו מענטש מיט מענטש וואָרהאַפּטיג זיינען גרייט
פאַרן גרויסן טאָג. עס ליגט אַ וועלט געקייט
פאַר מיר — און אפשר האַלט איך זי פאַרקערט?
(קערט איבער דעם גלאָבוס מיטן פוס אַרויף, באַקוקט און דאַן ווידער צוריק)
איך דריי, איך קער — די וועלט, די זעלבע וועלט.
און אפשר — האַ? — האָט זון זי מיר פאַרשטעלט?
(הויבט אויף דעם קאָפּ און דערזעט דעם אייזל ביים עץ החיים)
זאָג, אייזל, שטייסטו ניט אין וועג
צווישן זון, דער וועלט און מיר?

## אייזל

צום ערשטן מאָל אין די יאָרן און טעג
הער איך אַזעלכע ווערטער פון דיר.
וואָס וויל משיח מיט דעם זאָגן?

## משיח

זיי מוחל, חבר, איך בין היינט אַ ביסל צעטראָגן.
(ווייזט אויפן ערדקוגל)
אַ וועלט מיט לענדער, ימ'ען, טייכן
האָט גאָט אַ שפּריץ געטאָן פון זיך,
די בערג און טאָלן אויסצוגלייכן
האָט אויסדערוויילט ער מיך און דיך.

איך מוז, פֿאַרשטיי, די מענטשהייט רעטן
און בין געבונדן אָן אַ קייט;
די וועלט מוז זיין פֿאַר מיר ערשט גרייט,
דאַן מעג מיין פוס צו גאולה טרעטן.
(אַ בליק צום הימל)
נאָר וואו דער טאָג? איך פֿרעג דיך, בורא?
עס מוז דאָך האָבן פֿאָרט אַ שיעור,
צי דען פֿאַרשאַפֿן שמערצן לויט דיין תורה
מעג מען אַן עני לאַנג אַזוי ווי מיר?!
אַריינגעזעצט מיך אין גן עדן,
מיך צוגעשמידט צום עץ הדעת
און זיין געדולדיג, וואַרט אָן כעס
ביז קומען וועט דער רוף פֿאַר ביידן.
צו שווער, מיין גאָט, פֿאַר מיר די ליידן;
מאַך גרייט די וועלט זי צו באַפֿרייען.

## אייזל

דו וייסט, משיח, אַז וואָס צו קייען
איז ניט פֿאַרבליבן דאָ מער אַ גראָז,
פֿון מאַך קאָן זאַט ניט זיין אַפילו אַ האָז.
דאָס גאַנצע וואַסער אויסגעטרונקען
אין אָט די טעג פֿון וואַרטן, האָפֿן;
פֿאַרשעמט אַ טייך מיט בויך ליגט אָפֿן,
ווי ס'וואַסער וואָלט אונטער אים פֿאַרזונקען.
געוויס, משיח, מוזטו שוין דערלייזן
די וועלט. די גאולה קאָן ניט וואַרטן.
וואָס טויג דיר נישטערן אַ קוגל אַ פֿאַרדאַרטן?!
דו ברייננג דערלייז מיט גוטן צי מיט בייזן,
וואָרים עס פייפֿט אין מיר אַ שרעק דער מאָגן.

### משיח

מיין טרייער אייזל, איך מוז דיר זאָגן,
דו רעדסט אַ ביסל צו נאַאיוו,
די גאולה האָבן מוז אַ באַשטימטן מאָטיוו;
„שכולו זכאי או כולו חיב“ שטייט געשריבן.

### אייזל

ס'איז אַלץ גערעדט, ווען ס'וואָלט פאַרבליבן
אַ ביסל וואַסער, גראָז אין דעם גן עדן.
נאָר איצט, בן דוד, מוזטו שנעל אַנטשיידן,
אויב דו דערהאַלטן ווילסט מיך ביים לעבן.

### משיח

קאָן זיך, מיין פריינט, אַליין קיין עצה געבן.

### אייזל

ווען טויט קומט מיר פון פוסטן מאָגן,
ווער וועט דיך צו דער גאולה טראָגן?

### משיח

אָן דיר, מיין אייזל, איז ניטאָ קיין גאולה,
„עני ורוכב —“ האָבן די חכמים געזאָגט.
באמת ווערן מיר ביידע צופיל געפּלאָגט.
נאָר, פריינט, די רייד האָבן ניט קיין פעולה.
איך בין געקייט צו ליידן און צו שטומען.

### אייזל

וועל איך מיין קול צום הימל ברומען.
(הויבט אויף דעם קאָפּ און רעוועט)

### משיח

אומזיסט, מיין חבר, טוסטו תפילה.
דערלייז פאַרוויקלט ליגט אין אַ מגילה;
ניט איך, ניט דו קאָן זי אויפראָלן.

### אייזל

איך בין פון הונגער דאָך שוין באַלד געשוואָלן,
פון דורשט מיין גומען טריקנט און ברענט.

### משיח

די גאולה, פאַרשטייַ, איז ביי גאָט אין די הענט.

### אייזל

ווי לאַנג דייַנקט גאָט מיט גאולה זיך האַלטן?

### משיח

ניט אין מיין כח איבער דעם צו וואַלטן.
שווער איז די לאַגע. מעגלעך גאָט אַליין
קאָן פון דער גאולה זיך ניט באַפרייען;
צו איר געקייט זיינען מיר אפשר אין דרייען,
דער בורא, דער אייזל און מיין אייגן געביין.

### אייזל

ווער זאָל פון אונז די קייט צונעמען,
מיר זאָלן אין דרייען ניט דאַרפן קלעמען?
זאָל עס דער מענטש?

### משיח

ניט פריי אויך ער. געשמידט
איז מענטש צום שיקזאַל פון דער גאולה דריי,

פאַרגייט אין וואַרטן אויף משיח-אייזל טריט,
דעם אָנזאָג הערן פון אַ וועלט אויף ס'ניי.
און אָנזאָג קומען דאַרף — מ ו ז פון אויבן. —
ס'ליגט אַלץ, מיין פריינט, אין אַ טראָפּן גלויבן.

## אייזל

מיר האָט אמונה קיינמאָל ניט געפעלט.
דו ווייסט עס גוט. געווען בין איך באַזעלט
פון איין פאַרלאַנג: צו זיצן דאָ ביי דיר
און וואַרטן ביז דער שלאָס גענומען ווערט פון טיר.
נאָר זע, ניטאָ קיין כח צו דערטראָגן;
גיי זיי דו גלויביג, ווען ליידיג איז דער מאָגן.

## משיח

האָב דיין אמונה אַלע מאָל פאַרגעטערט.
יאָ, דיין געדולד געווען איז פעלזנשטאַרק;
מיט מיר געווען, ווען ס'האָט געדונערט און געוועטערט
איבער אונזער איינזאַם — אָט דעם עדן-פּאַרק.
איך וואָלט אָן דיר פון אומעט דאָ פאַרגאַנגען.
דיין רעווען מיר געווען די שענסטע מוזיק-קלאַנגען,
געגאָסן באַלזאַם אין מיין וואונדיג וועזן;
דיין אָנבליק האָט פון טיפן יאוש מיך גענעזן.
דו האָסט געשטיפט אַזוי זשוואַווע איבער גראָז און טייך,
געקראַצט דעם רוקן-קאַרק אָן אַלע בוימער גלייך,
נאָך פויגעלעך געאָיגט זיך, אין דער לופט געשפרונגען,
אין אַלע טיפן פון עדן אַריינגעדרונגען,
און ניט ווי איך דעם עץ הדעת געקאָוועט,
נאָר אים און אים די גאַנצע צייט געכאָוועט
מיט מיינע הענט און מיינע באַקן דאַר!

געגרייזשעט קאָרע אַזש פאַר פּיין און צער!
געפוילט די וואָרצל אונטער מיר!
געבליקט צום הימל און צו דיר! —
מען מוז, מיין פריינט, באַזיצן ליבע, גלויבן.

## אייזל

דו רעדסט, בן דוד, צו אַן אייזל אַ טויבן.
מיין אויער מער פאַרנעמט ניט קיין פויגל-געזאַנג,
איך הער דאָס זינגען נאָר פון די גערעדערים,
געגעסן וואָלט איך איצט צעפוילטע ווערים,
דעם זאַפט פון עץ הדעת גענומען אַלס געטראַנק.

## משיח

דעם עץ הדעת, אייזל, טאָרסטו ניט באַרירן,
אויב ס'גלוסט זיך דיר ניט ווי אַ מענטש קראַפּירן.
(בליקט צו דער פרי, וואָס הייגגט איבער זיין קאָפּ. צו זיך)
עס פעלט ניט מער, ער זאָל פון עץ פאַרזוכן,
ער ווערט נאָך קלוג און וועט מיין געביין פאַרפלוכן.

## אייזל

דו האָסט דעם בוים געהיט די גאַנצע צייט,
פאַרזאָגט איך זאָל זיך האַלטן פון אים ווייט.
האָב דיר געפאָלגט. נאָר היטן אַ פאַרדאַרטן בוים,
וואָס האָט אויף זיך איין פרי קוים,
און דאָס אַן עפּל מיט אַ טיפן בים,
וואָס אויסגעטריקנט לאַנג אין אים דאָס חיות, —
פון דעם דעם שכל קאָן איך ניט פאַרשטיין.

## משיח

עס האָט, מיין אייזל, אַ טיפן מיין,

איך קאָן דיר איצט עס ניט ערקלערן.
נאָר ווען ס׳וועט קומען יענער גרויסער טאָג
און גאָט די גאולה וועט אונז באַשערן
צוזאַמען מיט זיין וועלט-פאַרמאָג,
וועסטו, חמור, פון עפּל מעגן בייסן.

## אייזל

נאָך גוט, משיח, וואָס איך בין ניט קיין כעס׳ן.
עס קאָן אַפילו מ י י ן געדולד אויך פּלאַצן.
דו רעדסט מיר היינט צו געטאָקטע זאַצן.
איך פּגר דאָ פון דורשט און הונגער,
און דו, מיין פריינט, זאָגסט: וואַרט און לונגער!

## משיח

האָסטו געזוכט נאָר רעכט אין עץ החיים?

## אייזל

(גראָבט מיט דער מאָרדע אין בויך פון בוים)

אַ ביסל מאָך — די גאַנצע שיריים.

## משיח

איז דאָס דער אַלטער, גרויסער בוים,
וואָס מיט זיין שפּיץ דערגרייכט האָט ער דעם הימלזוים,
די צווייגן געטראָגן זיך אין די וויטע ספערן?
אַ בוים פון לעבן זאָל אַזוי פאַרצערן!
אַ שאָד, אַ שאָד.

(בליקט צום גראָבן)

און אָט דער טייך פון טייכן,
וואָס זיינע פלוסן האָבן זיך צעשפּרייט
אין אַלע עקן וועלט פאַר לייִנג און ברייט,

וואָס זיין עשירות ניט געהאַט קיין גלייכן,
האָט פעט געמאַכט די גערטנער און די פעלדער,
די מענטשן, חיות אין אַלע שטעט און וועלדער,
און איצט ליגט ער פאַרטריקנט און פאַרשמאַכט!
אַ שאָד.

## אייזל

אַ טראָפּן כאָטש ביים אָנקום פון דער נאַכט!

## משיח

געדולד, געדולד און אויך בטחון.
איך קאָן עס דיר געווגג ניט איבערזאָגן.

## אייזל

ווי לאַנג דער שיעור זיך דאָ צו פּלאָגן?
איך בין דאָך באַלד שוין הויט און קנאָכן.

## משיח

אַ גאולה ווארט און ווארט אויפן גרויסן רוף,
וואָס דאַרף זיך נעמען טראָגן איבער באַרג און טאָל,
און דו פאַרטיפט ביסט נאָר אין שווערן גוף,
געוואָרן טויב פאַר יעדן אַנדער קול.
ניט רעכט אַזוי, מיין אייזל.

## אייזל

(בליקט צום פאַרשלאָסענעם טויער)

אַ שלאָס! אַ שלאָס!
וואָס הייגגט ער אַזוי שווער דאָרט אויף דער טיר?!

### משיח

ער איז באַשטימט פֿאַר מיר און דיר,
ביז פֿול וועט ווערן פֿון ליידן די מאָס.

### אייזל

(מיט די אויגן צום טויער)

האָסטו, משיח, צו אים דעם שליסל?

### משיח

(דערשראָקן)

וואָס ווילסטו, אייזל?

### אייזל

גראָז אַ ביסל.
עס מוז פֿון דעם מין זיין אַהינטערן טויער
אַ סך. איך גלויב, אַז שוין מיין אויער
פֿאַרנעמט דאָס וואַקסן פֿון גראָז און בלאַט,
פֿון פֿריש געשניטן היי פֿיל איך דעם אַראָמאַט,
דעם וואַסער־מורמל הער איך אין קוואַל,
זע פֿעטע לאָנקעס, פּאַשע איבעראַל.

### משיח

צושפּילט האָט זיך פֿאַנטאַזיע פֿון דעם מאָגן!
אַהינטער שלאָס און מויער זיך פֿאַרטראָגן,
שוין טרעטן דיינע פֿיס אויף פֿרעמדע גערטנער אָן רשות,
פֿון וואַסערפֿאַלן הערסטו אַזש דעם גום!
דו גאַלאָפּירסט. ווער קאָן דען דיר נאָכיאָגן? ! —
דאָס איז, חמור, אַלץ דברי שטות.

### אייזל

(בליקט אַלץ צום טויער)

דעם שליסל! אָדער זאָל איך אויף אַלע פיר
אַהין צוקריכן און אַ בראָך די טיר ? !

### משיח

דו ביסט, מיין אייזל, האָב איך מורא, ניט ביים זינען.
צי ווייסטו ניט, מיר מוזן זיך געפינען
אין דעם גן עדן, ווען דער רוף וועט קומען ?
איך קאָן ניט הערן מער דיין רעווען, ברומען.
שטעלסט גאָט און מיך צו אַ שווערן נסיון.

### אייזל

צי דען, בן דוד, איז אַזאַ בזיון
צו זוכן גראָז
ד׳ורך טויער און שלאָס ?

(עס טרעט־איין דעמערונג)

### משיח

גענוג די רייד. — די נאַכט ברעכט איין.
איך זע פון אָוונטשטערן שוין דעם שיין ;
שוין צייט פאַר אונז זיך לייגן שלאָפן.
אין בורא נאָר דיין גלויבן, האָפן.
זיי פעסט, מיין אייזל, אין בטחון.
דער שלאָס פון גאָט אַליין געבראָכן
וועט ווערן אין דער ריכטיגער מינוט.
און איצט, מיין פריינט, זאָל זיין גערוט.
די נאַכט איז לאַנג און קורץ איז זי,
עס דאַרף נאָר גאָט מיטן ברעם אַ צי,
אַ מלאך מיט זיין פליגל - שפיץ

באַרירן מיך. שנעל ווי אַ בליץ
פלי איך מיט דיר איבער באַרג און טאָל,
און הויך וועט קלינגען אונזער קול:
דו פריי זיך, וועלט, משיח טרעט!
ער ברייננגט דיר פרידן! — נאָר ס'איז שוין שפעט.
אַ גוטע נאַכט.
(ציט זיך אויס, דעם גלאָבוס צוקאָפּנס)

## אייזל

אַ גוטע נאַכט.

## משיח

(מיט פאַרמאַכטע אויגן)
געדיינק, חמור, דעם עפּל ניט באַריר!
און גאַנץ מוז בלייבן אויך שלאָס און טיר.
גיי שלאָפן, גיי.

## אייזל

איך גיי, איך גיי.
(ציט זיך אויס בוים עץ החיים)
פאַרקלעפּט שוין זיינען מיינע אויגן צוויי.
אַ גוטע נאַכט.

## משיח

(שנאָרכט)

## אייזל

(הויבט אויף דעם קאָפּ און באַטראַכט משיח'ן)
ער שלאָפט געשמאַק.
אַן עלענד אויך אויף אים. אַ פראָסטאַק
בין איך! געמוטשעט אים מיט טרינקען, עסן

און אָן מיין שליחות שיר פאַרגעסן...
ניט בורטשע, מאָגן! שטום, דו גומען!
די גאולה וועט און מוז דאָך קומען!

דער אייזל שלאָפט איין. עס דערהערט זיך באַלד אַ כראָפּען־קאָנצערט. געוויטער מיט בליץ און דונער. אַ מלאך באַווייזט זיך משיח צוקאָפּנס.

## מלאך

(געזאַנג אין באַגלייט פון כרובים־כאָר)

שלומער, שלומער
וויים ניט קומער.
זים דער שלאָף,
האָף נאָר האָף!
אין דעם דרימל
נאָנט דער הימל.
גוטע נאַכט
האָט מיטגעבראַכט
וועלטבאַשייד
אין איר קלייד.
שפּרייט זיך פליגל,
שמעלצט דער טיגל
שלאָס און ריגל,
פּראַלט די טיר —
אַ וועלט פאַר דיר!
(דער מלאך באַרירט מיט שפּיץ פליגל משיח׳ס נאָז)
שטיי אויף, בן דוד, די גאולה רופט!

## משיח

(קראַצט זיך די נאָז אין שלאָף)

דו מאַכסט מיר, אייזל, שווער די לופט.
(קערט זיך איבער אויף דער אַנדערער זייט)

### מלאך

דו ביסט, משיח, שטאַרק פֿאַרשלאָפֿן,
דו האָסט דאָס מאָל גראָד ניט געטראָפֿן.
איך קום צו דיר פֿון גאָט געשיקט.
(בלייבט שטיין אין פֿליגל־דיסטאַנץ צוקאָפּנס)

### משיח

(זעצט זיך אויף. רייבט זיך די אויגן)
אַ חלום האָט אַזוי שווער געדריקט . . .
אַ וועלט אַ גאַנצע האָט געקראַכט. . .
(טשוכעט זיך אויס, קוקט זיך אַרום)
בין איך נאָך אַלץ אויפֿן זעלבן אָרט ?
(דערהערט טריט אַהינטער)
ווער קומט צו מיר אין טיפֿער נאַכט
מיט שטילע טריט ?

### מלאך

עס איז גאָט'ס וואָרט,
וואָס זיינע טריט ווי סאַמעט גלעט.

### משיח

הער איך די רייד פֿון אַ פּראָפֿעט ?
(זוכט מיט די אויגן)
ווער רעדט ?

### מלאך

(שטייט פּלוצלינג פֿאַר משיח)
איך.

### משיח

(דערזעט דעם גאַסט)
דו ? ! אַ מלאך רעדט

אין דעם גן עדן ?! האָב ניט געזען
אַ מלאך שוין אַ לאַנגע, לאַנגע צייט.
דאָס איז אין יענע טעג געווען —
יאָ, ווייט, גאַנץ ווייט —
ווען דו, צי דיין אַ הימלס-ברודער
האָט צוגענומען מיין שיף און רודער,
אַריינגעזעצט מיך אין גן עדן,
(ווייזט אויפן שלאָפנדיקן אייזל)
און אים — דאָס הייסט אונז ביידן —
מיך לעבן עץ הדעת פאַרפלאַנצט,
(דער אייזל האָט זיך זיינס געטאַנצט,)
פאַרמאַכט די טיר אויף ריגל און שלאָס.
אַזוי שוין יאָרן בין איך דאָ באַלעבאָס,
היט אָפּ דעם טייך, דאָס גראָז, דעם בוים.
אַזוי... האָסטו מיין נאָז מיט פליגל-זוים
געגלעט. אַ שיינעם דאַנק.

## מלאך

ניטאָ פאַר וואָס.

## משיח

וואָס ברייגסטו פון די הימלספערן ?
רייד, מלאך, נייגעריג בין איך צו הערן.

## מלאך

ס׳איז אויף דער וועלט געווען אַ שטורם.
די וועלט איז גרייט.

## משיח

אָט די דבורים

הער איך צום ערשטן מאָל, מיין פריינט.
פאַרוואָס פון שטורם האָב איך ביז היינט
גאָרניט געהערט אויף מיין משיח - זייַן?

## מלאך

עס האָט דערלאַנגט אַזוי אַ לייכטן בליץ,
ניט מער. אין אָט דעם שפּיל פון פייערברען
האָט וועלט און מענטש זיך מיטאַמאָל דערזען
פאַר גאולה גרייט דורכאויס פערפעקט.

## משיח

(נעמט דעם גלאָבוס אין האַנט. טוט אָן דיברילן)

איך בעט דיך, מלאך, אַוואו פאַרשטעקט
ליגט דאָ דאָס פינטל? האָב פון עק צו עק
דעם גאַנצן ערדקוגל געמאָסטן,
די ברילן און פינגער אַזש געצוימען ראָסטן,
איך זאָל דאָ ערגעץ זען אַ פלעק,
וואו מענטש איז רייף פאַר גאולה - טריט.

## מלאך

דו האָסט אַן אַלטווארג אָפּגעהיט.
דעם קוגל, וואָס דו האַלסט אין דיינע הענט,
אים האָט דער שטורם שוין לאַנג פאַרברענט.

## משיח

(לייגט אַוועק גלאָבוס און ברילן אָן אַ זייט)

אומזיסט געווען מיין מי. איך דאַנק דיר פאַר דער בשורה.
ערפילט בין איך מיט נייער האָפנונג, גבורה.
און גרויס וועט זיין די פרייד פון מיין באַגלייטער,
ער איז באמת געווען שוין האַלב אַ טויטער.

אים קוים פֿאַרהאַלטן פֿון מחשבות זרות,
מיט עדן, מיר און גאולה האָט ער כּפּרות
שיר, שיר מיט זיינע לאַפּעס ניט געשלאָגן.
ניט לייכט איינשטילן אַ הונגעריגן מאָגן.
געלויבט דער בורא! ס׳האָט געזיגט זיין ווילן.
דער אָרמער אייזל, ער וועט זיין הונגער שטילן.

## מלאך

בן דוד זאָל אַ ביסל זיך צו איילן.

## משיח

איך פֿלי, איך פֿלי פֿאַר טויזנט מיילן.
נאָר וואַרט. דו זאָגסט אַ נייע וועלט איז דאָרט געבאָרן,
און איך געטראָגן האָב די אַלטע אין מיין זכרון.
וואו פֿירט דער וועג?

## מלאך

אין טאָל דאָ גלייך אַראָפּ.

## משיח

אַ ביסל שווערלעך צו גערייכן פֿאַר מיין אַלטן קאָפּ.
מען זיצט אַזוי אַן עולמית און וואַרט און וואַרט,
דער גן מיט טייך און בוים ווערט איינגעדאַרט;
געווירקט האָט אויך אויף מיינע שוואַכע כּחות.
איז יאָ — וועסטו מיר געבן אַ געגויעם סימן.

## מלאך

דעם וועג וועסטו דערקענען נאָך די ריחות.
ס׳האָט א י י ן גערוך. דו נעם דיין רימען,
פֿאַרגאַרטל זיך נאָר פֿעסט די לענדן,

פון טויער זאָלסטו נאָר נאָך לינקס זיך ווענדן!
דער וועג איז גראָד אַ ביסל אַ געדרייטער,
און אויב צום טאָל אַראָפּ דאַרפסטו אַ שטיקל ווייטער,
האָסטו דיין אייזל דאָך. ער וועט אַהין דיך ברענגען.
אגב וועט גאָט זיין ליכט דיר שיקן,
(באַלויכטן דיר דיין לאַנגן וועג
אין אַלע דיינע גאולה-טעג.)
דו דאַרפסט פּאָרויס, פאָרויס נאָר בליקן.

## משיח

ווי לאַנג עס וועט גאָט'ס ליכט נאָר היינגען
איבער מיר און וועג, ניטאָ זיך וואָס צו שרעקן.
איך וועל די גאולה ריכטיק שוין אַנטפּלעקן,
דו קאָנסט פאַרלאָזן זיך אויף אייזל און אויף מיר.
נאָר זע — פאַרגעסן האָב איך שיר —
וואָס איז די זכיה? שכולו זכאי, אָדער —

## מלאך

כולו זכאי. די וועלט אין גאַנצן קלוג.
די חכמה רוט אין יעדן פּנים-צוג;
וואָס איינער וויל, באַקומט ער אויף זיין פאָדער.
ניטאָ ניט הויך, ניט קורץ, ניט שמאָל, ניט דיק, —
חכמים אַלע געשניטן פון איין שטיק.

## משיח

וועט לייכט מיר זיין זיי צו דערקענען.

## מלאך

דו מאַך נאָר שנעל. עס קאָן אַמאָל פאַרברענען
נאָך אויך דער נייער קוגלערד.

דו טאָרסט, משיח, אַ רגע ניט פאַרזאַמען,
גאַנץ פעסט אַפילו איז דער זאָטל אויפן פערד
פון די חכמים. נאָר אין פלאַמען
קאָן ברײנגען אַ וועלט אײנאײנציגער נאַר.

## משיח

זאָל גאָט דיר געבן פאַר מיר דײן שכר,
דו ביסט מיר אמת אַ געטרײער פרײנט.

## מלאך

פאַרנומען גאָט האָט דײן לײד און צער,
געזען מיט חבר אײזל דײן שווער געראַנגל,
געפילט דײן ווײטאָג פון דײן ווערטערמאַנגל,
האָט גאָט געזאָגט: נאָך הײנט, נאָך הײנט
די גאולה זאָל ער ברײנגען אויף דער וועלט!
עס האָט משיח שוין ניט אײן מאָמענט פאַרפעלט;
צו ערנסט האָט ער גענומען די קײטן זײנע,
צו טיף זײן בליק אין די אויגן מײנע,
צו פיל דעם עץ הדעת אָפגעהיט
און ניט געזען ווי גן פאַרבליט,
צו פיל, צו פיל האָט ער געלאָזן שטומען
זײן אײגן ווילן, זײן אײגן באַגער;
משיח דאַרף זײן שליחות ניט נעמען טראַגיש שווער.
געוועכט איז אײזל מיט זײן תפילה - ברומען.

## משיח

אין גאָט געהאַט האָב איך מײן גלויבן, האָפן.

## מלאך

מען קאָן אַזוי גאַנצע וועלטן פאַרשלאָפן.

אַט ליגט דאָרט ביי דיין זייט אַ וועלט אין ראַסט,
און ניט געוואוסט האָסטו וואָס האָט געקאָסט
דער שייטערהויפן, אויף וועלכן זי איז
צום קרבן געבראַכט געוואָרן פאַר אַ נייער וועלט.
דו מעגסט אַ קוק טאָן אויף אַט דעם נייעם ריז,
די זון אַליין האָט זי — האָט ער פאַרשטעלט.

## משיח

וועל איך שוין גיין.

## מלאך

גיי, גיי וואָס שנעלער!
און זאָל די גאולה לויכטן דיר דעם וועג אַלץ העלער!
געזאָגט האָט גאָט: צו טייער האָט פאַר דעם מאָמענט
דער מענטש באַצאָלט, ווען זיין דערלייז דערקענט.
עס מוז משיח קומען אין דער ריכטיגער מינוט,
ווי לאַנג עס רינט אין יעדן אָדער חכמה-בלוט.
קיין רגע ניט פאַרזאַמען.

## משיח

איך גיי מיין אייזל וועקן.

## מלאך

נאָך עפּעס דאַרף איך דיר אַנטפּלעקן.
אַן עפּיזאָד. אויפן וועג צו דיר בין איך געפלויגן,
פאַרשטייסט אַליין, אַז פייל פון בויגן.
עקוועלט, פאַרביי אַ הויכן פעלז, אַ טורמליכט
האָב איך דערזען פון אונטן עפּעס וואָס געדיכט.
אַ פלאַטער-צו. מיין פליגל שפּיץ באַרירט
האָט פעלז. געווען איז אומגערן דער באַריר.

און הער, משיח, וואָס האָט פּאַסירט,
אַ ציטער האָט דער פעלז אויף זיינע ווינקלען פיר
דערלאַנגט. און באַלד אַ קראַך, אַ דונערקראַך.
און וואָס געווען? אַ לאָך, אַ נאַרנלאָך,
מיט ברוסטן טיף פון אַן ערב רב-געזיינטל.
פאַרשטאַנען האָב איך, אַז דאָס בינטל
צילט צום חכמים-טאָל אַראָפּ.
אַז איך האָפּ! האָפּ!
מיט מיינע פליגל אַ דונערפלאַטער!
דאָס ליכט אין טורם ווערט אַלץ מאַטער, מאַטער,
ביז זיך פאַרלאָשן. — אָט דאָס מיין גאַנצע שליחות.

## משיח

איך דאַנק דיר, מלאך. דו האָסט באריכות
מיר איבערגעגעבן אַלץ. — באַפריי מיך פון די קייטן!

## מלאך

איך וועל די פליגלען נאָר פאַרשפּרייטן —
און דו ביסט פריי.

אַ בליץ און דונער. פון דער פינסטער אַרויס דערהערט זיך קייטן־געקלאַנג. דאַן גייט אויף אַ ליכטשטראַל איבער משיח׳ס קאָפּ. ער שטייט פריי. דער מלאך פאַרשוואונדן. אַזוי אויך די קייטן. משיח קוקט זיך אַרום ווי ערוואַכט פון אַ לאַנגן חלום. (דער ליכטשטראַל איבער זיין קאָפּ באַגלייט אים דעם גאַנצן ווייטערן וועג.)

## משיח

פריי — איך! און פריי די גאולה! פריי אויך ער!
(וועקט דעם אייזל)
שטיי אויף צו גאולה!

**אייזל**

(כראָפּעט)

**משיח**

אַן אייזל וועקן — שווער.

(טרעט צו נענטער. רופט העכער)

דער שלאָס אַראָפּ! דער טויער אָפן!

**אייזל**

וואָס לאָזט משיח מיך ניט שלאָפן.

(בריקעט)

**משיח**

(בויגט זיך איין איבערן אייזל און שרייט אים אַריין אין אויער)

די פעלדער גרינען! די פּאַשע גרייט!

**אייזל**

(כאַפּט זיך אויף)

דאָס הער איך אויך שוין טויטערהייט.

וואו איז די פּאַשע?

**משיח**

צו גאולה אויפן וועג.

**אייזל**

און שלאָס און טויער?

**משיח**

דאָס האָט אויך אַ ברעג.

(ער הויבט אויף די הענט און ווייזט)

דו זעסט?

צוויי כרובים באַוווייזן זיך ביים טויער, עפענען זייערע בײדע טירן און בלייבן שטיין אין וואַך.

## אייזל

(קוקט מיט אויסגעשטרעקטן האַלז)

ניטאָ מער שלאָס! ניטאָ מער טויער!

דאָס זעט מיין אויג?! דאָס הערט מיין אויער?!

(טרייסלט די אויערן ווי ס'וואָלט אין זיי גערוישט)

עס רוישט! עס רוישט! פון פרייד בין שכור!

(אַ ווענד דעם קאָפּ צו משיח)

איז פּאַשע אָדער גאולה איצט דער עיקר?

## משיח

זיי קומען ביידע אין איין צייט.

נו קום, עס וואַרט אַ טאָל מיט קלוגע לייט.

## אייזל

(שטעלט זיך ביי משיח'ס פיס)

מיין רוקן גרייט פאַר דיר, משיח.

## משיח

(זעצט זיך אויפן אייזל)

און איצט אין וועג, מיין גאָט'ס שליח!

משיח רייט אַרוים מיטן אייזל דורך טויער. ליכטשטראַל איבער זיין קאָפּ גייט אים נאָך. די כרובים פאַרמאַכן דעם טויער אָן ריגל און שלאָס און גייען ביידע אַ כרובים־טאַנץ איבערן גן עדן.

ס ו ף  פ ו ן  צ ו ו י ש נ ש פ י ל

## פּערזאָנען

משיח
אייזל
טויער־שומר פון רעכטס
טויער־שומר פון לינקס
קאָמענדאַנט
תּפיסה־שליסל
ראש החכמים
די 12 חכמים — פון קריג, ים, לופט, וועגן, וויסן, האַנדל, אויסערטאָל, געהיים, טאָל, געזעץ, פאַרשפּרייט, פּאָסט
שוך־לויפער
אייזלגעשטאַלט
פערדגעשטאַלט
קוגעשטאַלט
מענטשגעשטאַלט
דעמאָן־מאַסקע
מאַסקנפאָלק, מאַסקן פון חיות, בהמות, פויגל, שדים, טויטן־מאַסקן, וויינענדיגע מאַסקע, שטאָל־מאַסקע, סאַנקילאָטן, תּפיסה־געשטאַלטן, חכמה־שיצער

אָרט: טאָל

בילד איינס

# טאָל

רעכטס אַ פעלזיגער באַרג. אין מיטן אַ ריזיגער טורם, פאַרמאַכט אויף ריגל און שלאָס. הויך איבער אים הייגען פייעריגע בוכשטאַבן: דאָס לאַנד פון די חכמים. פון זיין רעכטער זייט אַ טונקל־גרויער טורם, קליינע פענסטערלעך מיט אייזערנע גראַטעס — די תפיסה. לינקס אַ העל־פאַרביג הויז, די וואוינונג פון קאָמענדאַנט. צוויי שומרים מיט ביקס און באַיאָנעט היטן דעם טויער. שומר פון רעכטס — הויך און פעסט. שומר פון לינקס — קורץ און דאַר. אויפן טורם־שפּיץ אַ וועטער־האָן, אין דער ריכטונג צום פעלז, מיט אַן אויפשריפט פאַרן שנאָבל — פאָרויס!

מאַטער זונענשיין. די שומרים וואַרפן זיך איבער מיט ווערטער.

## שומר פון רעכטס

(רופט אַריבער צום חבר)

אַ רוח אין דיין טאַטנ׳ס טאַטן!
גיב, חכם, מיר אַ פּאַפּיראָס!

## שומר פון לינקס

עס וועט דיר, חכם, גאָר ניט שאַטן,
ווען דו באַפעלסט מיר ניט מעשה באַלעבאָס.

## שומר פון רעכטס

דו רייד ניט פיל און גיב. איך שטאַרב אַ צי.

## שומר פון לינקס

(נעמט אַרויס אַ פּאַפּיראָס)

אין גאַנצן איינעם. און ניט אַן מי.

איך האָב אים צוגענומען ביי אַ גרויסן נאַר,
וואָס איז צום פּעלז אַנטלאָפן.

## שומר פון רעכטס

דערפאַר

ניט וואַרט און טייל אים איבער אויף גלייכע צוויי חלקים.

## שומר פון לינקס

(ברעכט איבער דעם פּאַפּיראָס אין צוויי און וואַרפט צו זיין חבר אַ חלק)

נו נאַ! און מאַך דאָרט קיין געוואַלט.

## שומר פון רעכטס

(באַקוקט זיין חלק)

אַז באַקעם

זאָל דיר אויספאַלן! דו האָסט די גרעסערע שטיק.

## שומר פון לינקס

ניט אמת.

## שומר פון רעכטס

געמאָסטן!

## שומר פון לינקס

גיי. ברעך דאָס גניק!

דו ביסט מיר חושד גאָר אומזיסט.

## שומר פון רעכטס

אַ חכם נאַרן! עס פאַרדריסט.
געמאָסטן!

## שומר פון לינקס

מעסט! אַהער דיין פּאַפּיראָס!

## שומר פון רעכטס

דאָס גייט ניט, ברודער. אויף דעם באַיאָנעט!

אַזוי אָ.

(ער שטעכט אַרויף זיין שטיק פּאַפּיראָס אויפן שפּיץ פון זיין באַיאָנעט.
דער שומר פון לינקס טוט דאָס זעלביגע.)

## שומר פון רעכטס

איך מאַך מיט דיר אַ וועט,
אַז דו האָסט מיך גענאַרט.

## שומר פון לינקס

כ'נעם אָן.

(זיי טראָגן צו די שפּיץ־באַיאָנעטן און מעסטן די פּאַפּיראָסן)

## שומר פון רעכטס

(טריאומפירט)

נו?!

## שומר פון לינקס

(פאַרשעמט)

אַ פאַרדראָס.
גלויב מיר, געטאָן האָב איך עס ניט מיט בייזן ווילן.
ניט לייכט צו טיילן אַ זאַך אויף גלייכע העלפטן, צוויי;
אַ ברעקל דאָ — דאָרטן מער, ווי דו גיסט אַ דריי.

## שומר פון רעכטס

דו ווילסט, איך זע, מיין כעס איינשטילן.
געדאַרפט פאַרקלאָגן דיך ביים חכם קאָמענדאַנט.
נאַר כאַפּט דיך, חבר, אַ פייערבראַנד!
דעם גרעסערן חלק גיב אַהער!
און מאַך קיין שהיות מער!

(זיי בייטן זיך מיט די שטיקלעך פּאַפּיראָסן און פאַרויכערן)

משיח (ליכט־שטראַל איבערן קאָפּ) קומט אָן רייטנדיק אויפן אייזל פון פעלזיגן באַרג. בלייבט שטיין פון ווייטן. איז קענטיק איבעראַשט פון פאַר־מאַכטן טויער מיט די היטער. קריכט אַראָפּ פון אייזל'ס רוקן. ער זעט אויס מיד. דער אייזל פול אויסגעפּאַשעט.

## משיח

דו זעסט, מיין אייזל, אַ טויער שטייט אין וועג.
אויף אונזער גאולה־מאַרש דער ערשטער שלאָס און ריגל.
דאָרט שטייען שומרים צוויי, מ'דאַרף געבן זיי אַ פרעג,
צי האַלטן חכמה זיי אונטער שווערן זיגל?
צי גאָר פאַר גאולה איז די טיר ביי זיי פאַרשלאָסן?

## אייזל

(ניסט)

## משיח

אָט האָסטו, חבר מיינער, ביי דעם אמת צוגענאָסן.
איך שטיי און קוק און פיל אין האַרץ און פּיס אַ ציטער.
אַ טויער גאָר אין וועג! וואָס הייסט אַ טויער?!
נאָר וואַרט, מיר דאַכט, אַז דעם וועג קאַפּויער
זיינען מיר געגאַנגען. דו זעסט די היטער?
זיי זעען אויס ווי ניט געבוירן פון איין מוטער;
דער איינער קאָן דעם צווייטן פאַרשטעקן ביי זיך אין פוטער
מיט שפּיץ פון ביקס ביז זויל פון לינקן שוך.
און, דאַכט זיך, אַז פוןביידע הערט זיך מער ווי
א י י ן ג ע ר ו ך.
און מלאך האָט געזאָגט — נו, כ'האָב דיר שוין דערציילט.
עס שיינט, מיין פריינט, מיר האָבן זיך געאיילט
אַ ביסל מיטן גאַנג און פון וועג אַרונטער.
וואָס אונז בלייבט איבער צו טאָן אַצונטער,
פון שלעכטס זאָל איך מיט דיר אַזוי וויסן.

### אייזל

עס זאָל, משיח, דיר גאָר ניט פֿאַרדריסן,
וואָס מיר דעם וועג האָבן ניט ריכטיג געטראָפֿן.
בין ניט באַטריבט. האָב פֿאַשע פֿיל אין וועג באַקומען,
און וואַסער אויך אַ שלל פֿאַר מיין טרוקן גומען.
מיין עצה איז דערפֿאַר זיך לייגן אַ ביסל שלאָפֿן
צופֿוסענס פֿון דעם פֿעלז, צי אונטער וואו אַ שאָטנבוים,
און ווען די לעצטע שטראַלן וועלן קוים נאָר קוים
אונז געבן דעם אָפּשיידסגלעט אין שטערן,
דעם וועג תיכּף וועלן מיר פֿאַרקערן.
דו זעסט, עס ליגט פֿאַר אונז אַ גרויסער רוים
מיט גרינע לאָנקעס, פֿעלדער, טייכן.
מיר בלייבן אין וועג אַ ביסל די ביינער אויסצוגלייכן.
עס קאָן די גאולה וואַרטן. ס'וועט גאָר ניט זיין דער מער.

### משיח

(מיט די אויגן צום טויער, לעזט ציילנדיג די ווערטער)

דאָס — לאַנד — פֿון — די — חכמים. — מיר האָבן ניט געאירט.
דו האָסט מיך, אייזל, אַהער גראָד ריכטיג געפֿירט.
נאָר וואָס, מיין פֿריינט? געוואָרן בין איך דיר שווער?!
דו האָסט שוין פֿאַשע, וואַסער, אַלץ גענוג.
ביי דיר איז רעכט אַפֿילו צוריק דער צוג.
נאָר איך, משיח, קאָן אין וועג ניט בלייבן,
די גאולה רוט ניט, האַלט מיך אין איין טרייבן.
פֿאַרזאַמט אַ רגע — פֿאַרשפּילט אַ גאַנצע וועלט;
וואו ניט דערלייז טרעט איין, האָט אומקום ניט פֿאַרפֿעלט.
מיר גייען ווייטער, אייזל!

### אייזל

גרייט איז מיין רוקן,

משיח, אַלע מאָל געווען פֿאַר דיר,
כאָטש אויסגעוואַקסן אין וועג איז אַ געשוויר
אויפֿן אָרט, וואו איך האָב דיך געטראָגן,
און ניט געפּילט האָסטו פֿון שמערץ מיין צוקן.
ניט געוואָלט האָב איך עס דיר אַפֿילו זאָגן,
נאָר ווייל, בן דוד, דו קלאָגסט זיך שוין אויף מיר,
זיי ווייסן, אַז די גאולה איז אַ שווערע משא
פֿאַר מיר און מיינע ברידער — דער גאַנצער אייזלראַסע.

## משיח

איז רעכט ביי דיר מיך לאָזן שטיין אין מיטן ?

## אייזל

באַהיט גאָט. איך האָב נאָר פֿאַרהיטן
געוואָלט דו זאָלסט ניט ברעכן זיך דורך פֿאַרמאַכטע טירן
מיט דיין דערלייז. ווער ווייס וואָס קאָן פּאַסירן.
מען מוז מיט גאולה זיין אַמאָל געדולדיג.
זיי ווייסן, פּריינט, אַז איך ניט זיין וועל שולדיג,
ווען דער קבלת פּנים וועט פֿאַר אונז זיין אַ האַרטער.
געדיינק, אַז מיר און שלאָס איז ניט לייכט צו ברעכן.

## משיח

דיינע ווערטער, אייזל, מיך ווי שפּילקעס שטעכן !
בין איך, משיח, דער גענאַרטער ?
האָב דיר אַ גאַנצן גאָרטן אָפּגעגעבן,
ווען איך געקייט דאָס גאַנצע לעבן
געזעסן און אויף דערלייז געוואַרט.
און ווען פֿון גאָט איז רוף געקומען,
דיין מאָגן זאַט און נאָס דער גומען,

האָסטו זיך גאָר דאָ איינגעשפּאַרט
און פּרעדיגסט מיר אַ נייע תורה.

### אייזל

דאָס איז, משיח, אַלטע סחורה.
דאָס האָב איך נאָך פון עדן בירושה.
געדיינקסט, מיין פריינט, ווי דו האָסט מיט קדושה
גערעדט פון האָפן, וואַרטן און בטחון.
כאָטש איך אין קראַמפּן בין אַרומגעקראָכן,
פון הונגער, דורשט די צונג געשטעקט,
האָב ערד און מאָך, מיין טרוקן פעל געלעקט,
האָסטו געהאַט איין וואָרט צו מיר: געדולד, מיין פריינט!
דערלייז קומט מאָרגן אויב ניט היינט.

### משיח

נו, איז די גאולה דאָך געקומען.
וואָס ווילסטו, אייזל, אַז מיט בלומען
זאָל איך דעם וועג דיר נאָך אויסשפּרייטן?
מיר גייען, חבר, אויף אַ וועג אַ ברייטן,
דעם גאולה-וועג. דו זעסט דעם וועג צו שמאָל.
געווים, באַדעקט איז ער מיט דערנער;
דערפאַר אויך זיסער וועלן זיין די קערנער
פון וועלטדערלייז. — מיר שטייען ביים טיר פון טאָל.
דיין רוקן גיב! מיר גייען ווייטער!

### אייזל

כאָטש פון גן עדן אַ באַפרייטער,
בין איך צו דיר, משיח, געבונדן.
(שטעלט אויס משיח'ן דעם רוקן)

### משיח

(זעצט זיך אויפן אייזל)

און איצט צום טויער!

(רופט הויך)

### אַנגעצונדן

זאָלן ווערן אַלע פּאַקלען, אַלע ליכטער!
משיח גייט! משיח רייט!
ער ברענגט די גאולה פאַר נאָענט און ווייט!
זאָל לויכטן פרידן אויף די געזיכטער!

משיח רייט־צו מיטן אייזל צום טויער. די ביקסן פון די צוויי טויער היטער קרייצן זיך און פאַרשטעלן אים דעם וועג.

### ביידע שומרים

האַלט!!!

### משיח

(איבעראַשט. צום אייזל)

דו זע נאַר, זע נאַר אַ געוואַלט.

(קוקט אויף די שומרים. באַפעלט)

מאַכט אויף דעם טויער! איך מוז אַריין!

### שומר פון רעכטס

דו רעדסט מיר, פרעמדער, גלאַט און פיין.
אין לאַנד פון חכמה קומט מען אַזוי גרינג ניט אַריין.

### משיח

(פּאַטעטיש)

איך קום צו אייך פון גאָט געשיקט.

### שומר פון לינקס

דער קערל זעט אויס צו זיין פאַריקט.

### שומר פון רעכטס

דו לאָז דיין גאָט דאָרט רואיק שלאָפן.

### שומר פון לינקס

מיר דאַכט דער אורח קאָן די קונץ פון בלאָפן.

### שומר פון רעכטס

ווער ס׳וויל די חכמה פון טאָל געניסן,
מוז ער דעם קאָמענדאַנט ערשט לאָזן וויסן.
(רופט)

חכם קאָמענדאַנט!

### שומר פון לינקס

(רופט)

חכם קאָמענדאַנט!

(קיין ענטפער)

### משיח

איר שומרים פון חכמים - לאַנד,
איז ער ביי אך ניט טויבלעך?

### שומר פון רעכטס

ווי די וואַנט.

דער חכם עלטסטער פון חכמים - טויער
מוז אויף זיין לינקן ווי אויף זיין רעכטן אויער
פונדאַמענטאַל זיין האַרט און שווער.

### שומר פון לינקס

מען קומט טאָג - טעגלעך אין פאַרקער
מיט נאַרן, פינסטערלינגען, וואַגאַבונדן,
וואָס האָבן דעם אייזל זיין פעל געשונדן;

זיי לויפן איצט אַהין, אַהער —
ד ע ר ה ע ר ן זיי איז היבשלעך שווער.

משיח

איך האָב מיין אייזל אָפּגעהיט,
זאָל ער אייך עדות זאָגן.

אייזל

ער האָט ג ע ק ו ש ט מיין יעדן שריט,
ווען איך האָב אים אַהער געטראָגן.

שומר פון רעכטס

אַראָפּ פון אייזל! וואָס איז דאָס פאַר אַ רייטן?!

משיח

(גייט אַראָפּ פון אייזל)

דו ווילסט איך זאָל מיט אים זיך בייטן?

שומר פון רעכטס

מען טוט עס ביי אונז פון לאַנגע צייטן.

משיח

וואָס טוען דען די אייזלען ביי אייך?

שומר פון רעכטס

זיי זיינען קלוג און אַלע גלייך.

שומר פון לינקס

פאַרנעמען אויך מיניסטאָרן־שטעלן.

אייזל

דאָס לאַנד, משיח, קאָן געפעלן.

## שומר פון לינקס

וואָס מאַכן מיר מיט אים דאָ לאַנגע שהיות!
מיר רופן קאָמענדאַנט.

## בײדע שומרים

(שרײַען צום טויער־הויז)

חכם קאָמענדאַנט!

## קאָמענדאַנט

(קומט אַרויס פון טויער־הויז. רײַניקט זיך די אויערן
מיט אַן אויער־שטעכער)

וואָס שרײַט איר דאָרט ווי צוויי אײזלען בײנאַנד?!
צי ווײסט איר ניט, חכמים, אַז נקיות
פּראַווע איך פּונקט צווישן אַכט און נײַן?
(ווײַזט זײַ אויפן זײגער, וואָס ער נעמט אַרויס פון קעשענע
דערזעט משיח'ן)

ווער איז דער גאַסט?

## שומר פון רעכטס

ער וויל אין טאָל אַרײַן.

## קאָמענדאַנט

(טרעט צו משיח'ן. שטעכט זיך די אויערן)

ווער ביסטו, פרעמדער?

## משיח

איך בין משיח.

## קאָמענדאַנט

(לײגט צו אַן אויער)

איך הער ניט. ווער?

### משיח

(שרייט מיט לעצטע כחות)

משיח! משיח!!

### קאָמענדאַנט

דו רעדסט מיר, אורח, פּרעמדע ווערטער.

(נעמט אַרויס אַ קליין דין ביכעלע, בלעטערט און זוכט)

### משיח

(מיט געזונקענעם קול)

איך בין פון גאולה דער באַשערטער...

### קאָמענדאַנט

איך מוז דעם אורח בעטן אום פּאַרדאָן,

ניטאָ דאָס וואָרט אין אונזער לעקסיקאָן.

### משיח

דו זוכסט, מיין חכם, אין אַ טל-ומטר,

וואָס קאָנסטו דאָרט אין אים געפינען?

### שומר פון רעכטס

(צום צווייטן)

אַ רוח אין זיין טאַטנ'ס פּאָטער!

### שומר פון לינקס

ער מוז, דער אַלטער, זיין פון זינען.

### שומר פון רעכטס

מיר הערן אים אָט ווי דעם קאָטער!

### קאָמענדאַנט

די ווערטער, אמת, זיינען ביי אונז געציילט,

נאָר ניט איין נאַר האָבן זיי שוין אויסגעהיילט.
ווייל מיר געברויכן דאָס שטאַרקע וואָרט
עלף מאָל פון צען אויפן ריכטיגן אָרט.

### משיח

(מיט שווינדענדיגע כחות)

איך וויל אַריין! אין טאָל אַריין!

### אייזל

ער האָט, דעם אמת, געהאַט זיין פּיין.

### קאָמענדאַנט

דאָס גייט ביי אונז ניט אַזוי גיך. —
איך זע, דו ביסט אַן אָרימאַן אָן שיך.
נאָר אויף אַן אייזל האָסטו געריטן,
ער האָט יסורים פון דיר געליטן;
דו קומסט אויך פון דעם פעלז אַראָפּ,
וואו נאַר מיט נאַר האַלט קאָפּ מיט קאָפּ —
דאָס מאַכט פאַרדעכטיגט דיין פּערזאָן.
ווער ווייס, צי ביסטו ניט פאַרשטעלט?
זיך ניט פאַרקויפט צום נאַרנגעלט
און ברייגעגן ווילסטו אונז נאַרנוויסן?
פאַר זעלכע זאַכן ביי אונז קומט שיסן —
איך מוז דיך בעטן ווידער אום פּאַרדאָן.

### משיח

(אין קראַמף און פּיין)

די גאולה וואַרט. איך מוז וואָס שנעלער זי אייך ברייגעגן!
איר מעגט אַנאָכדעם מיך אַפילו הייגגען —
נאָר לאָזט מיך, לאָזט מיך אַריין אַהין!

(ווייזט צום טויער)

### קאָמענדאַנט

מיר האָבן דאָ געהאַט ניט איין שפּיאָן.
נאָך ווייס איך ניט ווי מיט דיר וועט זיין דער דין.
זיין אויף דער וואַך! דאָס איז ביי אונז דער ערשטער רעגל.
די קאָנסט עס לעזן אויף יעדער פּאָן און זעגל,
און אויך אַפילו אויף דעם וועטערהאָן.

### משיח

איך זע דער האָן האַלט צום פעלז זיין פּנים.

### קאָמענדאַנט

דאָס איז אַ וואָרנונג קודם פאַר די שונאים.
דער ווינט ביי אונז גייט שטענדיג אין איין ריכטונג,
די קאָנסט עס זען אָן אונזער קונסט און דיכטונג.
פאָרויס, פאָרויס דער ווינט מוז בלאָזן!
אָן אַנדער ווענדונג? — ווער וועט אים דען לאָזן?!

### משיח

(שפּאַרט זיך אָן אָן אייזל. זאַמלט כחות)

די גאולה!... וועל פון לאַסט ביי דיינע פיס דאָ פאַלן.
און איבער באַרג און טאָל וועט דעמאָלט שאַלן
די שטים פון גאָט: משיח איז ביים חכמים-טויער,
וואָס חכמה שפּריצט פון יעדן שטיין און מויער,
געשטאָרבן פון אַ מאָגנקראַמף
מיט דריי אייזלען אין אַ קאַמף!

### אייזל

און איך ביי דיר בין קיין אייזל מער?
די לאַסט, משיח, איז פאַר מיר אויך שווער.

## משיח

(גלעט אייזל איבערן קאָפּ)

פֿאַר דיר, מיין אייזל, האָב איך נאָר אַ טרער.

## קאָמענדאַנט

מיט גאָט האָט קיינער אונז נאָך ניט געשראָקן;
פֿון דעם ביי אונז אַנטלויפֿט דאָס בלוט ניט אין די זאָקן. —
איך בין שוין לאַנג, גאַנץ לאַנג פֿון טויער קאָמענדאַנט,
מוז איך דיר זאָגן, פֿרעמדער, דו ביסט מיר אינטערעסאַנט.
אַזאַ טשיקאַווע בריאה האָב איך דאָ נאָך ניט געהאַט:
פֿאַרלומפּט און אָפּגעריסן און אין האַרץ אַ כוואַט!
דו זאָגסט, דו ביסט משיח? וואָס איז פֿון דעם דער פּשט?

## משיח

(געבויגן איבער זיין אייזל. די שטים קוים הערבאַר)

שליח פֿון גאָט — דערלייזער פֿון דער וועלט —

## קאָמענדאַנט

נו יאָ, די זאַך קלינגט מיר אַ רעכט ביסל פֿאַרשטעלט.
מען דאַרף דיין פֿאַל אויספֿאָרשן ווי געהעריק,
צו מאַכן דאָס אין גו, פֿאַרשטייסטו, איז גאַנץ שווערליג.
וועל שיקן אַ דעפּעש צו דעם חכמים-זיץ.
דערווייל וואָס-ווען, קאָנסטו אין היץ
ניט וואַלגערן זיך ביי אונז אין דרויסן.
איך האָב פֿאַר דיר אַן אידעאַלן פּלאַץ:
אין פֿעסטונג אויבן אויף דעם שטרוימאַטראַץ!
ניט שרעק זיך, אורח, בין דיין טובה אויסן.
(באַפֿעלט צו די שומרים)
חכמים היטער! נעמט דעם אורח שנעל!
די נומער 13 — איז זיין צעל,

(די מיליאָנען פריער איז ניט וויכטיג.)
געהיט זאָל ווערן ער גאַנץ טיכטיג!
דאָס איבריגע וויים שוין דער שליסל פון דער תפיסה.
(משיח ווערט אַרומגערינגעלט פון די צוויי שומרים)

## משיח

(צו זיך)
אויב דאָס וועט ניט זיין מיין לעצטע גסיסה,
וועט גאולה האָבן נאָך געווים אַ זכיה.
(הויבט אויף די אויגן. אין טיפן שרעק)
דער אייזל?!

## קאָמענדאַנט

גייט ניט אויף דער תליה.
זייט שטורם האָט חכמה אין טאָל געבראַכט,
האָבן די אייזלען ביי אונז פון אַלעם בעסטן;
אַזוי אַ חלק, באַקומען זיי דעם גרעסטן.
פון פעלז דערפאַר ווערן מיר אויסגעלאַכט. —
אויב אונטער אייזלפעל איז ניט פאַרקליידט
אַ מ ע נ ט ש, ליגט פאַשע פאַר אים גרייט
איבער גאַנצן טאָל.
(באַפעלט)
גענומען אים נאָך אויבן!

## משיח

(בליקט צום הימל)
איך האָב, מיין בורא, אין דיר מיין גלויבן.
(משיח ווערט פון די שומרים אָפּגעפירט אין טורם רעכטס)

## בילד צוויי

# ת פ י ס ה

אַ לאַנגער פינסטערער קאָרידאָר. אַ רייע קאַמער־טירן מיט אייזערנע גראַטעס. ד ע ר ת פ י ס ה־ש ל י ס ל, אין לאַנגן שוואַרצן מאַנטל, שליסל־פאָרמיגן הוט, לאַמטערן אין לינקער האַנט און ריזיגן שליסל אין רעכטער האַנט, שלייכט פאַרביי פון לינקס נאָך רעכטס פאַרשליסענדיג די טירן. דער בונד שליסלען, וואָס הייגגט נאָך דעם גרויסן שליסל, אין שטענדיגן געקלאַנג. פאַרענדיגט, בלייבט ער שטיין אין רעכטן ברעג קאָרידאָר.

## תפיסה - שליסל

שלאָס און ריגל צוגעמאַכט,
זיכער זיין מוז שטילע נאַכט.
כ׳בין דאָ שליסל, עס מוז זיין שטיל!
שליסל שלאָס —, שלאָס שליסל וויל.

קיין שפּאַרינקע ניט - וואו אָפן,
שטרילן - שטראַלן מאַכט ביינקען, האָפן.
כ׳בין דאָ שליסל, עס מוז זיין שטיל!
שליסל שלאָס —, שלאָס שליסל וויל.

טיפער טאָל איז שפּייזער מיין —
שליסל שטעקט אין שלאָס אַריין!
כ׳בין דאָ שליסל, עס מוז זיין שטיל!
שליסל שלאָס —, שלאָס שליסל וויל.

ווירבעלט טרעפּ נאָך אונטן צוריק —

ברעט אויף ברעט! שטריק נאָך שטריק!
כ׳בין דאָ שליסל, עס מוז זיין שטיל!
שליסל שלאָס —, שלאָס שליסל וויל.

(פאַרשווינדט נאָך רעכטס)

פון לינקס דערהערן זיך טריט. גלייכצייטיג שלאָגט דורך פון דער ריכטונג אַ ליכטשטראַל דורך דעם גאַנצן קאָרידאָר. אַ גערודער. מענטשענקעפּ באַווייזן זיך דורך די גראַטעס. פון קאַמער צו קאַמער גייט דורך אַ געמורמל: — מ ש י ח! — מ ש י ח! — אין סאַמע לינקן ברעג באַווייזן זיך דריי געשטאַלטן. מ ש י ח (דער ליכט־שטראַל פון איבער זיין קאָפּ שטראָמט אַדורך דעם קאָרידאָר) און די צ ו ו י י ש ו מ ר י ם.

## שומר פון רעכטס

ווי פינסטער! ניט צו זען די שיין.

## משיח

דער וועג איז ליכטיג מיר אויך אין תפיסה אריין.

## שומר פון לינקס

איך האָב דאָ שיר געבראָכן קאָפּ און געניק,
און אָט דער אַלטער מאַכט נאָך פוילע שטיק.

## משיח

דער טרעפּנוועג אַהער איז משונה׳דיג געדרייט;
איז ער ביי אייך געפלאָכטן פון דער חכמה - קייט?

## שומר פון רעכטס

אַזוי דער וועג פון די פּאַרעטער
און פון די נאַרן, די חכמים - שפּעטער.

## שומר פון לינקס

דער וועג אַפריער געווען דאָ גלייך,
געגאַנגען אים אַלע, נאָר ניט רייך.

### משיח

אויך איך, איר זעט, בין בלוטיגער אָרימאַן.

### שומר פון רעכטס

דער חכם קאָמענדאַנט ווייס זיכער וואָס ער טוט.
צוערשט אַ פּראָבע פון דיין אָרים בלוט,
און דאַן געצייכנט וועט זיין פאַר די באַן.

תפיסה־שליסל קומט אַן פון רעכטס מיט שליסל און לאַמטערן. פון קאַמער צו קאַמער גייט ווידער דורך דער רוף: — משיח! — משיח! —

### תפיסה - שליסל

וואָס איז דער טומל, דער געשריי?!
שוין ווידער אַן אורח פאַר אַ זעקל שטרוי?

(ער גייט איבערן קאָרידאָר מיט געמאָסטענע טריט, האַלטנדיג די לאַמטערן ווייט אין דער הויך. בלייבט שטיין פאַר משיח און די שומרים. לייכט אַריין די לאַמטערן משיח'ן אין פּנים)

### תפיסה - שליסל

ווער איז דער מאַן? זיין צורה שיינט מיר זיין באַקאַנט,
(באַקוקט זיין הלוך)
די בגדים כאָטש פון ניט קיין פּראַנט.

### שומר פון רעכטס

מיר האָבן אים געפּאַקט ביים טויער פונם טאָל;
געוואָלט האָט ער אַריין גאָר אַן אַ ווידער-קול.
געקומען אויף אַן אייזל איז ער געריטן, —
דעם וועג אים גלייך אָפּגעשניטן!

### תפיסה - שליסל

איר האָט, חכמים, געטאָן אייער פליכט.

(הויבט אויף די לאַמטערן. צו משיח)

קום נענטער אַהער צו מיין לאַמטערנליכט!

### משיח

מיר לויכט דעם וועג דאָס ליכט פון גאָט.

צו טונקל איז פאַר מיר די שיין פון דיין לאַמטערן.

### תפיסה - שליסל

דאָס שמעקט מיט פעלז און נאַרנשפּאָט.

עס איז אַ העזה צו לאָזן הערן

אין טאָל אַזעלכע קאָנטער-שטורם ווערטער.

### משיח

(שווייגט)

### שומר פון רעכטס

ער זאָגט ער איז פון גאָט באַשערטער,

משיח, דער דערלייזער פון דער וועלט.

### תפיסה - שליסל

עס האָט אונז נאָך אַזאַ פאַרשוין געפעלט.

מיר האָבן דאָ געהאַט דערלייזער אַלערליי:

פון גאָט, פון מענטש, פון הינט און פליי;

דער טאָל געבאָרן האָט זיי אין די שאַרן.

ווען נאָר באַצייטנס אַנטלויפן זיי ניט צו די נאַרן,

איז תמיד גרייט פאַר זיי דאָ אַ בינטל שטרוי.

(צו משיח)

דערלייזער פון דער וועלט?! — דו ביסט אַ סאַמאָזוואַנעץ!

די וועלטדערלייזער זיינען מיר און מיר אַליין!

ניטאָ קיין אַנדערע! דו הערסט, פאַרשוין?!
(קלינגט מיט די שליסלען)
דו זעסט מיר אויס צו זיין אַ נאָוואָבראַנעץ
פון יענער נאַר-מלוכה, וואָס דעם קעניג׳ס ליץ
האָט אויף דעם פעלז דאָרט אויפגעשטעלט,
און וויל מיט טפשים, דיכטער און נאַרנגעץ
פאַרפלעכטן טאָל און באַרג — די גאַנצע וועלט.
ביסט זיכער פון דעם נאַר- און דיכטער-בונד,
דיין הילוך גיט פאַר אַזאַ גלויבן גרונט.

## משיח

איך האָב געוואַרט אויף אַט דער שעה אַ לאַנגע, לאַנגע צייט.
ביי מיר איז רעכט חכמים אָדער אויך נאַרנלייט.
נאָר גאָט געוואָלט —

## תפיסה-שליסל

(שלאָגט אים איבער)

געננג, געננג די רייד!
איך ווייס שוין ווער דו ביסט. עס איז ביי מיר אַ פרייד
צו האָבן אַזאַ גאַסט אונטער מיינע אייזנוועגנט.
מיט שטרוימאַטראַץ און קייטן אויף די הענט
וועסטו געניי שוין וויסן דעם אונטערשייד
פון חכמה און פון טפשות.

## משיח

איך בין באַרייט
אויך פאַר די קייטן ד י י נ ע. מיין אָרים לייב
האָט קייטן שוין געטראָגן נאָך איידער ס׳האָט געוויט
איבער אייער טאָל מיט חכמה און פאַרשטאַנד.
איך קום, מיין פריינט, פון אַ ק י י ט ן-ל אַ נ ד,

דאָס לאַנד פון עדן, וואָס אַ גלוסטענד ווייב
האָט מיר געלאָזן בירושה.
(דאָס ווייב פון עדן איז אַוועק מיט בושה.)
פאַרבליבן בין איך מיט די שווערע קייטן
פון עץ הדעת. איך האָב אים אָפּגעהיט
פאַר דעם חמור, ער זאָל מיט שווערע טריט
פריציייטיג נאָר דאָס קינד ניט טויטן,
וואָס ווערט אין גאולה-שוים געבאָרן.
נו, איצט שטיי איך אין וועג פאַרלאָרן —
חמור האָט זאַט זיך אָנגעגעסן
און מיט דער פאַשע זיין קינד צעפרעסן.

## תפיסה-שליסל

געהערט, געהערט שוין אָט די טענות;
זיי קומען אַלע ווי פון איין מויל גערעדט.
דעם אמת מאַך איך צופיל מיט דיר מענות,
צו לאַנג אַ ביסל דיין גרויען קאָפּ געגלעט.
דו קום מיט מיר!

(צו די שומרים)

וואָס לויטעט דער באַפעל?

## שומר פון רעכטס

די לעצטע ציפער 13 — איז זיין צעל.

## תפיסה-שליסל

נו רעכטס. זי איז ביי מיר אַ מזל׳דיגע ציפער;
ניט איין דערלייזער איז פון איר געגאַנגען
צום טאָל אַראָפּ אַלץ טיפער, טיפער,
אַוואו געשטילט ווערן די פאַרלאַנגען
און נייע ווערן ניט געבאָרן...

נו, קום!

(צו די שומרים)

און איר קאָנט גיין!

(די צוויי שומרים אָפּ)

## משיח

גערשוואָרן

האָב איך צו גאָט צו גיין זיין וועג אין ליכט

פון ליכט — זיין אָנגעזיכט.

(בליקט אַרויף)

און אפשר, גאָט, ווער איך געפירט?

צוזאַמען מיט דיין ליכט געאירט?

תפיסה־שליסל לאָזט זיך גיין נאָך רעכטס. ער האַלט די לאַמטער, הויך און באַלייכטעט די טירן פון די קאַמערן. עס זעען זיך בלויז די לעצטע ציפער. די ערשטע פאַרלירן זיך אין אַ קרומען פלאָנטער. משיח גייט אים נאָך. קעפּ און הענט קלאַמערן די גראַטעס. אַ מורמל איבער די קאַמערן: — משיח! — משיח! —

## תפיסה־שליסל

(ציילט)

אָט דאָס איז קאַמער נומער — — דריי.

## — טיר נומער 3 —

משיח, דיין האַנט!

## תפיסה־שליסל

און — פיר. ער איז באַקאַנט.

## — טיר נומער 4 —

משיח, באַפריי!

## תפיסה - שליסל

(בלייבט שטיין)

דער רוף, מיין אורח, איז ניט ניי.

(ווייזט אויף טיר נומער 4 —)

דו זעסט אָט דעם? ער איז געווען אַמאָל
דער גרעסטער פרייהייטסגייסט פון גאַנצן טאָל.
איך בין געשטאַנען אין טיפער ערע
פאַר אים. געציילט די ווערטער פון זיין לערע.
דער שטורם האָט אים אויסגעשפּיגן.
ער האָט די חכמה געוואָלט פאַרטרייבן
פון טאָל מיט פאַלשע תורות און מיט ליגן.
נו, דאָ ביי מיר לאָז איך אים קלייבן
אין גרויסן זאַק די פליי ווי רינדער.

(גייט ווייטער. ציילט)

— פינף, — זעקס.

## טיר נומער 6 —

משיח, עסן פאַר מיינע קינדער!

## תפיסה - שליסל

(בלייבט שטיין)

אַמאָל, פאַרן שטורם, האָט דער אויפגעפרעסן
דריי אייזלען צו איין פרישטיקביים,
צו מיטאָג און אָוונט האָט ער איבעראַניים
זיינע אייזלען געפרעסן מיט ביין און פעל.
דער שטורם געבראַכט האָט אים צו מיר גאַנץ שנעל.
און איצט נאָר שרייט ער: „עסן! עסן!“

(גייט ווייטער. ציילט)

— אכט, — ניין.

## טיר נומער 9 —

משיח, דערלייז די מענטשן!

## תפיסה - שליסל

(בלייבט שטיין)

אַט דער מעג זיכער גומל בענטשן,
וואָס ער ביים לעבן איז געבליבן.
ער האָט געהאַט די העזה איבער טאָל צו שרייען,
אַז נאָר ד ע ם א י י ז ל׳ האָבן מיר געטאָן באַפרייען
און ניט ד ע ם מ ע נ ט ש. ער האָט זיין שפיל צו־ווייט
געטריבן.

ביי אונז די אייזלען און די חכמים
האָבן אַלע צוגלייך איין ברודער - פנים,
און ווען דער אייזל איז דורכאוים פריי,
איז דאָך דער חכם סיי ווי סיי. —
טיר נומער 9 — איז זיין שכר.

(גייט ווייטער. ציילט)

צען, — — צוועלף.

## טיר נומער 12 —

משיח, זע מיין ברודער׳ס צער!

## תפיסה - שליסל

אַט דאָס איז אויך אַ מאָדנע בריה.
האָסטו געזען שוין אַמאָל אַ אידן,
וואָס זאָל מיט עפּעס זיין צופרידן?
אַראָפּגענומען אים פון דער תליה,
און ער! ער וויינט נאָך אויף זיין ברודער,
וואָס פאַרן שטורם האָט ער אַ לודער
זיך אָנגעקאָרמעט פון אייזלפעט. —
נו, ליגט ער דאָרט אויפן האַרטן ברעט,
און טאָג ווי נאַכט נאָר איין געבעט:
„מיין ברודער׳ס צער! מיין ברודער׳ס צער!“ —
גיי זיי אַ אידן אַ גוטער פריינט!

## משיח

(אין קראַמפּיגן אומגעדולד)

מיין צעל?!

### תפיסה - שליסל

ניט שריי. דו קריגסט זי גיך און היינט.

(לייכט צו מיט לאַמטערן)

אַט דאָס איז 13 —, די גליקלעכע טיר.

(שליסט אויף די טיר. ברענגט אַרויס קייטן. שטעלט אַוועק די לאַמטערן אָן אַ זייט, ניט אַרויסלאָזנדיג די שליסלען פון האַנט. טוט אָן משיח'ן די קייטן אויף די הענט)

### תפיסה - שליסל

די קייטן זיינען ווי געמאָסטן אויף דיר.
איצט גיי אין דיין נאָרע, ליג און וואַרט
אויף דיין דערלייז! ווער איינגעדאַרט!

(שטויסט אַריין משיח'ן אין קאַמער און פאַרשליסט הינטער אים די טיר. נעמט צוריק די לאַמטערן אין האַנט)

### אַ מורמל דורך די קאַמערן

— משיח! — משיח אין קייטן! — משיח געפאַנגען!

(אַ קלאַפּן אין די טירן)

### תפיסה - שליסל

(קלינגט מיט די שליסלען)

— צי הערט איר ניט די שליסלקלאַנגען?! —
כ'בין דאָ שליסל. ס'מוז זיין שטיל!
שליסל שלאָס —, שלאָס שליסל וויל!

דאָס קלאַפּן גייט איבער אין די ווענט צוזאַמען מיט דעם רוף „מ ש י ח! — מ ש י ח" אין אָפּשטאַרבענדיגן ריטם.

בילד דריי

# דער חכמים-זיץ

אַ גרויסער זאַל אונטער מאַטן ליכט. די ווענט באַהאַנגען מיט טוך און קאַמף־פּלאַקאַטן. איין זייטנטיר און דרויסנטיר. אין מיטן זאַל, נאָענט צום הינטערגרונט, אויף אַ בינע, אַרום אַ לאַנגן טיש, זיצן: דער ראש החכמים (אין מיטן) און די צוועלף חכמים פון טאָל. ביי אַ קליין טישל דערביי זיצט דער סעקרעטאַר פאַר אַ גרויסן אָפענעם בוך מיט אַ גרויסער פּען אין האַנט. אונטן, ביי ביידע זייטן בינע, צוויי חכמה־שיצער מיט בלאַנקע זעבלען. ביי דער טיר, וואָס פירט צום דרויסן, צוויי חכמה־שיצער מיט ביקסן. ווען די טיר ווערט געעפנט, זעט מען אין קאָרידאָר נאָך אייניגע באַוואָפנטע חכמה־שיצער. אַ שויץ־לויפער, באַהאַנגען מיט כלי־זיין, איז די פּערזאָן, וואָס פאַרבינדט דעם חכמים־זיץ מיט דעם דרויסן.

הינטער דעם חכמים־זיץ, ביי דער וואַנט, אויף אַ פּעדעסטאַל זיצט אַ פיגור, וואָס שטעלט פאָר מיט זיך אַ מאָדערנעם באַגריף פון דעם גאָט פון חכמה. רעכטס פון דער פיגור אַן איזל. די פעדער, וואָס דער גאָט פון חכמה האַלט אין זיין רעכטער האַנט, באַרירט דעם איזל׳ס לינקן אויער ווי ער וואָלט אים קיצלען. זיין לינקע האַנט איז אָנגעשפּאַרט אָן אַ שווערט, אַרום וועלכן עס דרייט זיך אין קראַמף אַ פיגור: ניט מענטש — ניט חיה.

רעכטס פון ראש זיצן די חכמים פון קריג, ים, לופט, וועג, וויסן און האַנדל; לינקס — די חכמים פון אויסערטאָל, געהיים, טאָל, געזעץ, פאַרשפּרייט און פּאָסט. יעדער פון די חכמים טראָגט אַ קאָסטיום אין איינקלאַנג מיט זיין אַמט. פאַר יעדן איינעם שטייט אַן אַפּאַראַט פון אַ ראַדיאָ־טעלעפאָן.

דער חכמים־זיץ איז אין באַראַטונג. די געזיכטער ערנסט, פאַרזאָרגט. דער סעקרעטאַר פאַרשרייבט אין בוך.

## ראש החכמים

**פון זיג דער האַמער האָט געשלאָגן אויף אַלע טורמשפּיצן,**
**די וויזער אויף די ציפערבלעטער שטייען אויפן פונקט פון זיג.**

געפאָכטן האָבן מיר אונזער חכמה-קריג
געגן פעלזן האַרטע מיט די פיילנבליצן
פון שאַרפער לאָגיק, אייזלרעכט און ראַכעלוסט;
אַראָפּ די פּיאָוקע פון אונזער מוטערברוסט!
עס קוועלט דאָס מילך פאַר יעדער בידנער, שטומער צונג,
עס שטייגט דאָס גראָז פאַר יעדן סערפּ, וואָס האָט זיין קלוגג
פאַרלאָרן אין די לאַנגע וויסטע טעג פון רויבערגוט;
אויף יעדער לאָנקע פּאַשעט אייזל טיף אין זיך געררוט,
און צו דעם חכמה-גאָט, וואָס זיצט אָט דאָ אין אונזער מיט,
באַלויכט דעם שווערן וועג אונז אויף יעדן שריט און טריט, —
צו אים, צו אים שיקט ער זיין טעגלעך שטיל געבעט,
אַז מיט זיין פעדערשפּיץ אים שיינקען נאָך און נאָך אַ גלעט!

(אַ לייכטע אומגעדולד אַרום טיש)

איך האָב, חכמים, דאַכט זיך, שוין צו לאַנג פאַר אייך גערעדט.
אַן אומגעדולד האָט ביי דעם טיש זיך דורכגעטראָגן.
ווען ס'רעדט דער ראש, איז דאָס געוואַגט, מוז איך אייך זאָגן.
נאָר היינט וועל' איך פאַרבויגן פון מיין אייגן רעכט;
(כאָטש דאָס איז וווייט ניט חכמה-עכט.)
מיר זיינען אַלע סוף כל סוף דעם אייזל'ס טרייע קנעכט.
אַ דאַנק זיין ווילן, פּאַשעלוסט און אמת גוטן טאַקט
שטייט אין די ביכער קלוג פאַרשריבן פון אונזער זיג דער אַקט.
און ווייט און טיף אין טאָל און העכער טראָגט זיך אונזער רוף:
עס לעבט די חכמה! ס'לעבט דער אייזל! עס לעבט דער
האַרטער גוף,
וואָס אים געדראָשן און גערייטבייטשט האָט יעדע ווייסע
מענטשנהאַנט
אין דעם פאַרשאָלטן, אין דעם געבענטשטן, אין דעם אַלטן
עקסנלאַנד!
עס איז' דער חוב פון אונז דאָ אָבער צו דערציילן זיך

ביי יעדן זיץ, ביי יעדן הויך פון אונזער זיג דעם גאַנג,
כדי איבער טאָל ווייט און העכער זאָל טראָגן זיך דער קלאַנג
פון אונזער מאַרש, פון אונזער חכמה. — נאָר ניט האַלטן לאַנג
וועל איך אייך מער. עס ליגטביים שוועל פון טיר
אַ באַרג מיט אַרבעט. דעלעגאַציעס קומען אָן אַ שיעור
פון אַלע עקן טאָל מיט טיפע, שאַרפע פראַגן;
און דער און יענער, איך מוז מודה זיין, האָט אויך אַ פּעקל
קלאַגן.
אויף צו באַראַכטן אָט דאָס אַלץ האָב איך גערופן אייך צום ראַט.
האָט ווער צו זאָגן וואָס?

## חכם פון קריג

### דער חכם ראש האָט אַקוראַט

אייך אינפאָרמירט פון אונזער חכמה-זיג. נאָר אַ נייע שלאַכט
גייט אָן ביי אונזער טויער. ס'האָט אַ לץ אַ שפּיל פאַרטראַכט,
אַ נאַרנשפּיל. נאָר פיילן שאַרפע האָט דאָס שפּיל.
פון לאַך און שפּאָט געשמידט זיינען די פיילן;
זיי שיסן ווייט פון באַרג צום טאָל פאַר טויזנט-טויזנט מיילן.
און די קרבנות, האָב איך מורא, קאָנען ווערן קופּעס פיל,
פאַרפּעסטן טאָל, אָנשטעקן אייזל, פאַרוויסטן אים זיין פּאַשע,
און פון דער חכמה-שוץ ביים טויער פאַרגיפטן ס'קעסל קאַשע.
איך מוז אייך זאָגן, חכמים-ברידער, עס איז אַ שטאַרקער פיינט.
אים צו פאַרניכטן אַלע כחות קאָנצענטרירט מוז ווערן היינט!

## ראש החכמים

פון קריג דעם חכם קומט אַ דאַנק פאַר אינפאָרמירן אונזער זיץ
פון דער געפאַר ביים טויער. — ווי אַ וויץ
האָט אויסגעזען דאָס שפּיל פון קעניג'ס הויפפּאַיעץ.
אַ טאָל פון חכמה צו באַקעמפן מיט געלעכטער און מיט שפּאָט—
אַ פּלאַן אַזעלכן צו פאַרטראַכטן קאָן נאָר אַ ווילדער אידיאָט.

און דאָך, חכמים, כ'מוז אייך זאָגן, אַזוי לאַנג עס איז ניט שפּעט,
ניט אָפּגעשאַצט האָבן מיר די כחות פון דעם נאַרנגייסט:
געלעכטער, שפּאַט האָט אַ טבע, אַז עס יוקט און בייסט.
און מעג דאָס לאַכן זיין ווי נאַריש און דער שפּאַט ווי פויל,
עס טרעפט אין האַרץ אַמאָל נאָך טיפער ווי פון ביקס אַ קויל.
ווייל מענטש האָט ליב עס זאָל אים קיצלען יעדער ווײסטער נאַר,
ער ווערט פאַר דעם נאָך רייך באַלוינען מיט זיין גאָלד אין באַר.
אָט וואו עס ליגט, חכמים-ברידער, פאַר חכמה די געפאַר. —
איר ווייסט, די וועלט געווען באַזיגט פון אונזער חכמה-צוג,
אַריבער בערג און ווייטע ים'ען האָט זיך געטראָגן אונזער קול:
אַראָפּ נשמה! נאַרנגייסט! מיראַזש פון דיכטער-לוג!
באַפרייט איז א י י ז ל, מ ו ח, ג ו ף איגם ברייטן חכמה-טאָל!
נו, איז געקומען אַ ליץ אַ ווײסטער אויף אַ סטראַטעגיש אָרט,
אַ בינטל לצים, עקסנמענטשן, אָנגעזאַמלט דאָרט,
און שיסט אויף אונז די שאַרפסטע פיילן פון זיין שפּאָט און לאַך,
אַז פענסטער, ווענט געמויזט פאַרהיינגען — אַזוי שטאַרק
דער קראַך.
מיר האָבן פאַנצערס און האַרמאַטן געגן נאַר געשטעלט,
און אָט דער אויסגאַנג וועט אַנטשיידן וועמענס איז די וועלט.
זאָל לעבן חכמה און דער שטורם!

## חכם פון אויסערטאָל

איך מוז אייך זאָגן, חכמים מיינע, ס'איז די לאַגע שווער;
דער לאַך און שפּאָט פון די נאַראָנים האָט דער וועלט'ס געהער.
דאָס לאַכן האָט אַ מאָדנע גבורה, עס שטעקט דעם מענטשן אָן,
און ווען די וועלט זאָל נעמען לאַכן, שטייט קלוגער טאָל אין קאָן.
די שליחים מיינע אויסער טאָל, זיי שיקן מיר באַריכט,
אַז פון דעם לאַכן און דעם שפּאָטן פלאַמט זיי דאָס געזיכט.
זיי קעמפן דאָרט מיט אַלע כחות געגן אָט דעם ליץ,

נאָר ס׳ליגט די וועלט באַלד צוריק געפּאַנגען אין דעם נאַרנגעץ.
מיין ראַט דעריבער איז צו שיקן חכמים מער אַרויס דעם טאָל,
זיי וועלן אונזער קלוגשאַפט שפּרייטן מיט דער קראַפט
פון „זאָל“ !

## חכם פון פאַרשפּרייט

וואָס מער די חכמה איבער וועלט פאַרשפּרייטן,
וואָס מער וועט שטורם טפּשות טויטן.

## חכם פון געזעץ

פון חכמה ס׳פעסטע געזעץ
וועט היילן די נאַרנקרעץ.

## חכם פון ים

מער חכמה-שיפן אויף דעם ים —
פאַר נאַרנוועלט מער סם.

## חכם פון לופט

באַהערשט מוז ווערן די גאַנצע לופט
מיט שטורם און מיט חכמה-דופט !
אין יעדן פליגל פון עראָפּלאַן
געצייכנט זיין זאָל די חכמה-באַן !

## חכם פון האַנדל

מיט אונזער וייטן האַנדל
גייט חכמה מיט אין וואַנדל.

## חכם פון וועג

איבער מיינע ברייטע וועגן
מאַרשירט די חכמה נאָך אַלע ברעגן ;
דער שטורם גייט איר אין באַגלייט.

## חכם פון וויסן

עס ווייס אין טאָל קינד און קייט,
אַז אין מיין שפּרייטן וויסן
איז חכמה, שטורם ערשטער ביסן.

## חכם פון פּאָסט

כדי די וועלט זאָל פון אונז געניסן,
פּירט פּאָסט אין יעדן זעקל
פון שטורם, חכמה מיט אַ פּעקל.

## חכם פון טאָל

הכמים מיינע פון גרויסן טאָל!
מיר האָבן אויף זיך אַ שווערן עול,
צו מאַכן קלוג אַ גאַנצע וועלט.
עס ליגט אין וועג צו חכמה שווערע, שווערע זאַכן:
די וועלט האָט ליב נאָך ק י נ ד י ש ז י י ן און
נ אַ ר י ש ל אַ כ ן.
איך האַלט מיר האָבן אונזער ציל פאַרפעלט.
די אַרבעט לאַסט אויף אונזרע שטורמדיגע שולטער;
מיר ליגן דאָ אין טאָל דערוויייל ווי אין אַ מולטער.
ווי נאָר דער ליץ גיט אויף דעם פעלז אַ שטיף,
גיט מולטער זיך אַ טרייסל ביז איר טיפסטער טיף.
זיין לאַך האָט שוין געטראָפן ניט איין חכם און אייזלקאָפּ,
און זיי פאַרגיין פון פּיין און שמערצן פון דעם פּיילנשאָס,
און אַ רפואה פאַר יעדער וואונד ווייס נאָך ניט דער חכמה-כוס.
געדיינקט, מיר לויפן מיט דער חכמה שוין צו שטאַרק גאַלאָפּ.
מיר דאַרפן ריכטן אונזער בליק וואָס טיפער מער אין זיך,
דעם עק ביים נאַר און ביי דער וועלט אָפּלאָזן גיכער־גיך!

און זען, אַז טאָל זאָל זיין נאָר חכמה-פּעסט,
ווייל גרינג קאָן ווערן טאָל אַ נאַרנגעסט.
(אומצופרידנקייט ביים טיש)

## ראש החכמים

(מיטן פויסט אַ קלאַפּ אָן טיש)
פון טאָל דער חכם וועט מיר מוחל זיין!
וואָס ער גערעדט, פּאַסט פאַר אַ נאַרנשוויין!
ווען ס'שטייט דער לאַך און שפּאָט ניט ביי דער טיר,
וואָלט איך געזאָגט: קראַפּיר!
עס איז פאַראַט צום שטורם און חכמה-גאָט!

## חכם פון טאָל

(שטעלט זיך אויף)
חכם ראש, איך בעט דרינגענד מיר אַ וואָרט!

## ראש החכמים

(מיטן פויסט אָן טיש)
דו זיין און שוויג דאָרט אויף דיין אָרט!
איך זע, דו ביסט פאַרגיפט שוין פון דעם נאַרנשפּאָט.
דיין פאַל באַטראַכטן וועלן מיר נאָך שפּעטער;
גרייט צו באַוויזן, אַז דו ביסט ניט פאַרעטער.
(ווענדט זיך צום חכם פון געהיים)
וואָס האָט צו זאָגן דער חכם פון געהיים?

## חכם פון געהיים

(דעמאָנישער בליק)
אַדורכגעזיפּט וואו גראָז, וואו בוים —
ניטאָ פון נאַר קיין ברעקל שפור.
אוואו געזען אַ נאַרנבליק,
פאַרלאָשן אים האָט שטריק און כריק!

די לעצטע טפשות האָט אַ שוואַרצע פור
אַוועקגעפירט. און איצט פאַרליינג דעם גאַנצן טאָל
די חכמה גלייך איז ווי אַ שנור.
און וועט פאַרבלאָנדזשען אַ נאַר אַהער,
איך שווער:
זיין נאַרנקול
איר הערט ניט מער!

## ראש החכמים

אַזוי דאַרף ריידן אַ חכם ביים זיץ,
ווען ס׳בייסט דער רוקן אים נ י ט נאָך שמיץ. —
דער שטורם מוז אָנגיין מעכטיג און שטאַרק!
די חכמה מוז ברעכן פון נאַרנפעלז דעם קאַרק!
צו אונז געהערט פון וועלט דער מאַרק!

אַלע ראַדיאָפּאָנען ביים טיש נעמען מיטאַמאָל קלינגען. דער ראש און די צוועלף חכמים לייגן צו דעם הער־אַפּאַראַט צום אויער. אַ שטילשווייגן איבערן גאַנצן זאַל. מען זעט ווי אַלע געזיכטער פאַרציען זיך מיט שווערע וואָלקענס. בלויז דאָס געזיכט פון ראש בלייבט ניט פאַרענדערט, אָבער מען שפירט קענטיגע אָנשטריינגונג עפּעס אויפצוכאַפּן. איינציגווייס לייגן די חכמים אַוועק דעם אַפּאַראַט, בלייבן זיצן ווי פאַרגליווערט. דער ראש דער־לאַנגט אַ זעץ זיין אַפּאַראַט אָן טיש. די פאַרגליווערטקייט אַרום רעגט אים.

## ראש החכמים

צוועלף שטימען מיטאַמאָל געהערט,
און ניט אַ וואָרט מיר אויפגעקלערט!
וואָס זיצט איר אַלע אַזוי פאַרשטאַרט?!
וואָס איז באַריכט? גיט מיר באַשייד!

## חכם פון קריג

פון שרעק פאַרגאַנגען מיר די רייד.
פון הויפּטקוואַרטיר דער קאָמאַנדיר

לאָזט וויסן ראַדיאָפּאָניש מיר,
אַז פּעלז האָט אונז צום ים פאַרשפּאַרט.
ער רוקט אויף אונז מיט זיין אַרמיי פון שפּאַט —
און אונזער חכמה־שוץ ליגט אויסגעראָט.

די נאַכריכט ווירקט דערשוטערנדיק. דער ראש זוכט מיט די אויגן וויטער. זיין בליק בלייבט שטיין אויף חכם פון ים.

### ראש החכמים

ים ?!

### חכם פון ים

דער אַדמיראַל פון אונזער פלאָטע
לאָזט וויסן ראַדיאָפאָניש מיר,
דאָס אונזרע שיפן אין אַ בלאָטע
האָט נאַר פאַרטריבן מיט זיין לאַכגעשיר.

### ראש החכמים

(זוכט מיט די אויגן וויטער)

לופט ?!

### חכם פון לופט

די עראָפּלאַנען צוריקגעלאַפט.

### ראש החכמים

(זיין בליק בלאָנדזשעט אַליץ ווילדער)

פּאָסט ?!?!

### חכם פון פּאָסט

דער נאַר האָט אונזער פּאָסט דערטאַפּט.

### ראש החכמים

(קייכט)

אויסערטאָל ?!?!

## חכם פון אויסערטאָל

דער נאַרנפעלז לאַכט און רעגירט;
דער אויסערטאָל זיין כח שפּירט.

## ראש החכמים

(אין איין אָטעם)

געְ-היים ?!?!?!

## חכם פון געהיים

ניט מער געהיים. אַלץ ליגט איצט אָפן,
דער שפּאַט האָט אונז ווי אַ בליץ געטראָפן.

## ראש החכמים

(זיינע אויגן בלאַנדזשען נאָך ווי דורך אַ געדיכטן נעבל)

און — האַנדל?! — וועג?! — וויסן?! —
געזעץ?! — טאָל?! — פאַרשפּרייט?! —
איר האָט אַ פּנים ווי אויסגעביסן
וואָלט נאַרנהונט אייער אינגעווייד!

(ציטערט פאַר כעס)

וואָס שווייגט איר, טפּשים?! רעדט!!

(קלאַפּט אָן טיש)

ערוואַכן זאָלט איר פון הינערפלעט!

(קיין ענדערונג אויף די געזיכטער. קיין ענטפער. זיין בליק פאַלט אויפן ח כ ם פ ו ן ט אָ ל)

און דו וואָס שווייגסט, דו קלוגער טאָל?!

## חכם פון טאָל

דער לאָם מוז היטן זיין ביסל וואָל,
ווען שעפּסן ווערן הארט געשאָרן.
נאָר ווען דו פרעגסט, וועל איך דיר זאָגן: —

(ווייזט אויפן חכם פון געהיים)

און מעג אַט ער מיין קאָפּ געהיים פאַרטראָגן ! —
דער חכם האָט דאָס שפּיל פאַרלאָרן.

## ראש החכמים

(אַ קלאַפּ אָן טיש)

אַ ליגן ! ס'קאָן דער חכם ניט פאַרלירן געגן נאַר !
צו וואָס איז חכמה דען געבאָרן,
אַז וועלט און אייזל זאָל גיין פאַרלאָרן
אין גאָטעסדינסט פאַר מענטש-אַלטאַר ?!
עס וואָלט געווען אַ ביטערע איראָניע,
ווען פון נאַר און מענטש די קאָקאָפאָניע
זאָל זיגן איבער חכמה-אייזל-טריט !
און מעג דער נאַרנשפּאָט ווי מעכטיג זיין,
צוריק אין טאָל קומט נאַר ניט אַריין,
אַפילו ניט מיט אייזל'ס פלעביסציט !

## חכם פון טאָל

עס שטראָמען מחנות אייזלען צו אונז אַהער,
עס איז די לאַסט זיי טאָפּלט שווער.
זיי דאַרפן שלעפּן דעם חכמה-וואָגן
און נאָך דעם שפּאָט פון נאַר פאַרטראָגן.

## ראש החכמים

(אין שרעק)

מחנות אייזלען ?! וואָס איז דען דער באַגער ?

## חכם פון טאָל

אַ דעלעגאַציע שטייט שוין ביי דער טיר.
רוף זי אַריין.

## ראש החכמים

(פאַרטראַכט)

נאָך צייט. דו זאָג נאָר מיר,

וואָס טוט מען איצט?

## חכם פון טאָל

שיק נאָך דעם נאַר, מיט אים איבעריידן.

## ראש החכמים

קומט ער אַהער, שיק איך צום טייוול אייךביידן!

(זיין בליק אַרום טיש)

נאָך אַלץ קיין ווערטער ניט געפונען?!

פון נאַרנפעלז דאָ איינגעשפּונען

אַזוי זיצן מיט פאַרלייגטע הענט

און וואַרטן אויף די טריט פון טויט?! —

מעג ווערן וועלט פון ס'ניי פאַרברענט,

דער טאָל מיט לייכן אָנגעפילט,

דער ים־געווײש מיט בלוט געשטילט,

איידער נאַר באַרירן זאָל מיין קלוגע הויט

און אייזל גערויבט פון זיין פאַשעברויט!

איר שווייגט?! צי האָט איר מער קיין רעטונגוואָרט?

(אַ שווייגן)

(עס קלינגט ביי דער דרויסנטיר)

## ראש החכמים

(צום שויץ־לויפער)

לויף שנעל און זע וואָס וויל מען דאָרט!

## שויץ - לויפער

(גייט צו דער טיר, עפנט זי פאָרזיכטיג, נעמט איבער אַ דעפּעש, פאַרמאַכט די טיר. קערט צוריק.)

אַ ראַדיאָגראַם.

(דערלאַנגט דעם ראש)

## ראש החכמים

(רייסט אויף מיט נערוועזע פינגער דאָס פּאַפּיר)

פון טויער־קאָמענדאַנט.

(לעזט. זיין אינטערעס שטייגט. אַלעמענס אויגן צו אים געריכט)

די מעשה קלינגט גאַנץ אינטערעסאַנט —

(לעזט הויך)

אַן אָרימאַן קומט פון ווייט געריטן
אויף אייזל. זאָגט ער איז משיח,
דערלייזער פון דער קלוגער וועלט. — אום צו פאַרהיטן
פון דער געפאַר, אַז ניט שליח
איז ער פון פעלז, האָב איך אים איינגעשפּאַרט
אין טורם־תפיסה. כ'וואַרט
אויף דיין באַפעל. —

(הויבט אויף דעם קאָפּ, באַטראַכט די ווירקונג)

וואָס זאָל דער ענטפער זיין?

(אין נאָכטראַכטן)

דערלייזער פון די קלוגע — פון אַן אייזל געפירט —
(ס'קלינגט ווי פון אונזער אַ דעקרעט ציטירט.)
אין קערפּער אָרים — געיאָגט פון אייזלפּיין
קומט ער געאיילט אין טאָל אַריין
צו העלפן אונז אין וועלטדערלייז, —
ניין, ס'טאָר אים ניט געשען קיין בייז.
דער סימבאָל פון חכמים'ס גרויסער טאַט
מוז טראָגן הילף מיט זיך און ניט פאַראַט.

(שרייבט אויף אַ פּאַפּיר)

אויף עראָפּלאַן אַהער אים ברענגען!
דעם קאָמענדאַנט פון טויער — הייננגען!

(דערלאַנגט דאָס אָנגעשריבענע דעם שויך־לויפער)

אָט דאָס איז מיין באַפעל. און שנעל געמאַכט!

## שויך־לויפער

(פאַרשווינדט מיט פּאַפּיר דורך דער דרויסנטיר)

## ראש החכמים

וועז אונזער טאָל ווערט אויסגעלאַכט
פון גרעסטן שונא און רעטונג קומט פון ווייט,
פאַרלירן טאָר מען ניט אַ רגע צייט.
פאַרהאַלטן הילף, דאָס איז פאַראַט און סתם ניט קלוג —
דער קאָמענדאַנט ווייס שוין וואו ס'לויפט זיין צוג.

## שויך - לויפער

(קומט צוריק. מעלדעט)

חכם ראש, די פאַשע-דעלעגאַציע איז אומגעדולדיג.

## ראש החכמים

וואָס נאָך זיינען מיר דעם אייזל שולדיג ?! —
שיק זי אריין!

## שויך - לויפער

(עפנט די טיר. רופט)

די פאַשע-דעלעגאַציע ווערט געבעטן!

ס'קומען אריין דריי געשטאַלטן אין מאַסקן פון א י י ז ל, פ ע ר ד און ק ו. עקן הייזגען נאָך. שטעלן זיך אָן צערעמאַניעס פאַרן חכמים-זיץ.

## ראש החכמים

(מיט געצאַמטער שטרייגקייט)

זאָגט וואָס איז אייער וואונש ?

## אייזלגעשטאַלט

מיר דריי פאַרטרעטן
די לאַנקעס און די פאַשע. כ'מוז דיר זאָגן, האַר —

## ראש החכמים

(שלאָגט אים איבער)

דו רעדסט צו מיר, מיין אייזל, ווי צו אַ נאַר.
ניטאָ קיין האַר מער. מיר זיינען אַלע גלייך.

## אייזלגעשטאַלט

גערוואַלט האָב איך דיר זאָגן טאַקע וואָס איז שייך
מיין לאָנקע. דאָס גראָז אויף איר איז היבשלעך שיטער.
זייט דורכגעלאָפן איבער איר דאָס מעכטיגע געוויטער,
קאָן זי צו זיך ניט קומען. קוים וואָס סטאַיעט
דאָס ביסל גראָז פאַר מיר און מיינע געשוויסטער.
(גלויב מיר, אויף לאָנקע ווערט ניט געהולטאַיעט.)
און דאָ קומט אָן באַפעל פון דיר, מיניסטער,
אַז פאַשע דאַרפסטו האָבן אויך פאַר אַן אַנדער צוועק.
קאָן איך בשום אופן ניט פאַרשטיין,
צו וואָס דאַרפסטו געבן פאַשע פאַר די ווייסע ציין
פון די נפשות, וואָס האָבן ניט ווי מיר אַן עק.
(דרייט מיט זיין עק. פ ע ר ד און ק ו פאָלגן נאָך)

## פערדגעשטאַלט

מיין ברודער אייזל איז געווים גערעכט.
מיט יענעם טיילן ס'לעצטע איז טאַקע שלעכט.

## קוגעשטאַלט

איך מוז דיר זאָגן, מיין גרויסער געביטער,
דאָס מיינע ליידן איז ניט צו באַשרייבן.
ווען ס'קומט פרימאָרגן כאַפּ איך מיט מיין אייטער אַ ציטער,
צי וועט נאָך עפּעס פאַר מיין קעלבל בלייבן.
מען מעלקט מיך ווי אין די אַלטע נאַרנצייטן,
און כח, ווי דו ווייסט, האָב איך ניט צו שטרייטן.
בין איך געקומען בעטן דיך, דו ליכטיקער קאָפּ:
מער פאַשע מיר און ווייניגער מילך — דיין טאָפּ!

## ראש החכמים

האָב אויסגעהערט די טענות פון אייך דריי.

געזאָלט האָבן מיר באַטראַכטן אייער לאַגע סיי־ווי־סיי;
גערעכטע טענות, מען קאָן ניט זאָגן.
קאָנטראָל מוז האָבן אָבער יעדער מאָגן,
ווען ניט, צי וואָס איז אונזער חכמה נויטיק? —
איר זייט, מיינע פריינט, אַ ביסל צו אָנקרייטיק.
די גלייכהייט איז חכמה׳ס אַלערערשטער פּרינציפּ;
ווען ס׳קומט ביי איינעם אויסשניידן אַפילו אַ ריפּ,
מוז דאָס געשען. אין נאָמען פון שטורם־אידעאַל!
דאָס לעבן, איר זעט, איז אַ שטראָמענדיגער קוואַל,
עס שלאָגט, עס קוועלט, עס טרייבט פון העלער הויט:
ווען איינער כאַפּט, בלייבט דער צווייטער אין נויט,
לויפט איינער פאָרויס, פעלט יענעם אויס קראַפט.
אַזוי געשיט, דאָס ניט קיין האַפט
האָט ס׳גאַנצע לעבנשפּיל.
אָט וואו ס׳טרעט די חכמה איין,
לייגט אין כאַאָס די מאָס אַריין:
ניט ווינציג איינעם, דעם צווייטן ניט צו פיל.

## פּאַשע־דעלעגאַציע

דו האַרציגער פאָטער, מיר האָבן אַליין ניט גענוג.

## ראש החכמים

אויב אייערע רייד זיינען ניט באַטרוג,
ווערט איר באַקומען פּאַשע מער.
באַטראַכט וועט ווערן אייער באַגער.
איר ליגט צום האַרצן דעם גאַנצן חכמה־זיץ,
וואו נאָר מיר גיבן מיט אונזער פען אַ קריץ,
איז אַלץ לטובה אייך. — יאָ, איר מעגט עס וויסן,
דאָס אויב אַ ריפּ האָבן מיר וואו אַרויסגעריסן,
איז ניט ביים פּאַשע־פאָלק.

אַ טומל ביי דער טיר. זי פראַלט האַסטיג אויף און ס׳ברעכט אַריין אַ ג ע ש ט אַ ל ט א י ן מ ע נ ט ש נ מ אַ ס ק ע. ער איז אויס־געצערט. אויסדרוק: צער און שמייכל. די אויגן ברענען. גייט געבויגן, מיט אַ האַנט געדריקט אויף אַ זייט, ווי פאַרדעקנדיג אַ וואונד.

## מענטשגעשטאַלט

(אין שנעלער דערנענטערונג, ווי געהונקען)

היפ! היפ!

## ראש החכמים

ווער ביסטו, פרעמדער?

## מענטשגעשטאַלט

קרבן פון דיין פרינציפ.

כ׳ ב י ן מ ע נ ט ש. די העכסטע שאַפונג פון גאָט׳ס האַנט.

## ראש החכמים

איין גאָט און איין שאַפונג איז אונז באַקאַנט.

(מיט דער האַנט אויף דעם גאָט פון חכמה)

דער גאָט איז ע ר, די שאַפונג זיינען מ י ר.

## מענטשגעשטאַלט

האָב דאָס געהערט נאָך ביי דער דרויסנטיר,
ווען דיינע היטער האָבן מיר דעם וועג פאַרשטעלט.
באַשטימט בין איך צו זיין דער שטיפער אויף דער וועלט.
פאַרגיין אין שפיל פון דיכטן, לאַכן, ליבן,
און דו האָסט מיך אין שלאַנגענרייך פאַרטריבן.
מ ע נ ט ש-ש ל אַ נ ג דאָס איז די לעצטע קאָמבינירונג:
כ׳בין גאַנץ פראָדוקט פון דיין חכמה-פירונג.
און ווען פאַרשטעלט בין איך פאַר דיינע אויגן,
קום איך דורך שפיז און באַיאָנעט געפלויגן.
דו קאָנסט מיך ניט פאַרטרייבן.

## ראש החכמים

איך קען דיין מאַכט

נאָך פון די אַלטע נאַרנצייטן,
ווען קיינער ניט געוואָלט זיך בייטן
מיט מיר דעם פלאַץ כאָטש פאַר איין ברעקל נאַכט.
דו ביסט געפאַר. דו פרעדיגסט ז ע ל ע.
דערפאַר פאַרטריבן ביסטו מיט דער נאַרקאַפּעלע.
פ אַ ר ש ט אַ נ ד, ד י ר י י נ ע ל אָ ג י ק איז די קראַפט,
וואָס טרייבט די ראָד פון אַלץ, וואָס שאַפט. —
גיי צוריק אין דיין רו, מענטש!
(אַ וואונק צום שוץ־לויפער)
נעם אים אַוועק!
(שוץ־לויפער וויל לייגן אַ האַנט אויפן גאַסט)

## מענטשגעשטאַלט

(אַ מאַך מיט דער האַנט אין אַפּוועגנדונג)
דיין חכמה-שוץ האָט לאַנג דעם שרעק
אַרויסגעטריבן פון מיין וועזן.
איך בין ש ר ע ק נ פ ר י י. דו קענסט עס לעזן
אָן מיין געזיכט. איך גיי אַליין אויך ווען דו טרייבסט,
און דאָרטן בין איך, וואו דו
פ אַ ר ב ל י י ב ס ט.
(מיט איין שפרונג איז ער ביי דער טיר און פאַרשווינדט)

## ראש החכמים

אַזוי פאַרפאָלגט ער אונז ביי יעדן ראַט,
קוקט אַריין אין יעדער חכמה-טאַט;
עס איז פון אים ניט לויז צו ווערן!
רויבט אונזער צייט, ווען מיר זיצן דאָ און הערן
די טענות פון דער פאַשע-דעלעגאַציע.

### אייזלגעשטאַלט

דו רוף פון אונז אַ מאָביליזאַציע,
און דער אָנעקיגער וועט זיין חוצפה צאַמען!

### מענטשגעשטאַלט

(שפּרינגט אַרויס פון וואַנט פון אונטער אַ פּלאַקאַטע)

מיין קומען איצט ליגט אין די ראַמען
פון שיקזאַל.

### ראש החכמים

(אין צאָרן)

קומסט ווידער פון דיין אונטערוועלט!

### מענטשגעשטאַלט

איך זוך די ריפּ, וואָס מיר דאָ פּעלט.

(בליקט אַרום. צו דער פּאַשע־דעלעגאַציע)

ליגט זי ביי אייך אין בוזעם ניט פאַרשטעקט?

### פּאַשע - דעלעגאַציע

האָבן קוים די ריפּ, וואָס צום לעבן אונז קלעקט.

### מענטשגעשטאַלט

די חכמה האָט זי פון מיין זייט געשניטן.

(צום חכמים־זיץ)

זאָגט, ווער פון דעם האָט מער געליטן?

### ראש החכמים

(צום מענטשגעשטאַלט)

פאַרשווינד! ווייל ס׳ברענט אין מיר אַ פייערצאָרן!

### מענטשגעשטאַלט

זע, וואָס פון מיר איז אָן ריפּ געוואָרן.

### ראש החכמים

אַרוים !

### מענטשגעשטאַלט

אײן בליק — און איך בין מער ניטאָ.

(אַ דרײ אַרום און פאַרשווינדט אין וואַנט)

(אַ טויט שטילשווייגן)

### מענטשגעשטאַלט

(טויכט אויף פון הינטער דעם חכמה־גאָט)

און אָט, מײנע פרײנט, בין איך ווידער דאָ !

אַלע בײם טיש קערן אום דעם קאָפּ צו דער ערשײנונג פון מענטשגעשטאַלט. עס באַפאַלט זײ אַ הײסער שווײס. זײ זוכן לופט.

### ראש החכמים

דו טרײבסט מיט אונז דײן שפּאַס צו ווײט.

### מענטשגעשטאַלט

אויך דו דײן שפּיל האָסט ריזיקאַליש געטריבן.
און אויב בײם לעבן בין איך געבליבן,
איז עס אַ דאַנק דעם גאָט פון א י ב י ג ע ר צ ײ ט .

### ראש החכמים

(באַפעלט)

אַוועק מיט דעם מיראַזש ! די ביקסן אין דער הויך !
אײן שאָס ! און זאָל ער אַוועק מיטן רויך !

ד י ח כ מ ה ־ ש י צ ע ר בײ דער טיר שיסן אויס אין דער ריכטונג פון מענטשגעשטאַלט. אַ רויך פילט אָן דעם זאַל. מען הערט דאָס פאַלן פון אַ שווערן שטיק. ווען דער רויך פאַרגײט, זעט מען, אַז בײם חכמה־גאָט פעלט דער קאָפּ. מ ע נ ט ש ג ע ש ט אַ ל ט איז אויך פאַרשוואונדן.

## חכמים - זיץ

(אין שרעקלעכן קראַמף)

דער קאָפּ!... דער קאָפּ!...

## פּאַשע - דעלעגאַציע

(זיך טוליענדיג איינער צום צווייטן)

אַזאַ פּאַרלויף!!

## מענטשגעשטאַלט

(טויכט אויף אויפן זעלביגן אָרט. אין זיינע הענט
דער קאָפּ פון חכמה־גאָט)

ניט שרעקט איך. כ'זעץ זיין קאָפּ אים ווידער אַרויף.

(שטעלט אַרויף דעם קאָפּ אויף דער פיגור)

דער שאָס האָט מיר שוין איינמאָל געטראָפן,
און צווייטמאָל קאָן מען אַפילו אַ מענטשן ניט שטראָפן.
יאָ, ווען ניט איך, איר מעגט עס וויסן,
דער גאָט פון חכמה וואָלט דאָ געלעגן צעריסן.
אויף ווידערזען!

(פאַרשווינדט אין דיל)

## ראש החכמים

(ווישט זיך דעם שוויס. אָטעמט אויף)

די פּאַסירונג, חכמים, איז פאַר אונז גאַנץ שווער,
זיי מערן זיך די וואָלקנס אַלץ מער און מער.

(דערזעעט די פּאַשע־דעלעגאַציע)

איר שטייט נאָך דאָ?! האָט אַלץ נאָך ווייניג?!
האָט מער געהאַט ביים זויפער דעם קעניג?!
איר האָט געזען וואָס דאָ האָט פּאַסירט:
אונזער גאָט האָט שיר זיין קאָפּ פאַרלאָרן,
דער מענטש הינטער אים איז אויך ניט געוואָרן,
דער אייזל נאָר ביים זייט געבליבן ניט באַרירט...
איר 'קאָנט גיין!

### פאַשע-דעלעגאַציע

פאַר דיין גנאָד מיר דאַנקען.

(פאַרבויגן זיך טיף און גייען אָפּ דורך דער דרויסנטיר. באַגלייט פון שוץ־לויפער, וועלכער קומט באַלד צוריק און מעלדעט)

### שוץ-לויפער

משיח און אייזל האַלטן דאָרט אין צאַנקען,
מען האַלט זיי קוים פון צאָרן איין.

### ראש החכמים

שוין אָנגעקומען? גוט. רוף זיי שנעל אַריין!

שוץ־לויפער עפנט די טיר. מ ש י ח קומט אַריין (ליכט־שטראַל איבער זיין קאָפּ). ער פירט ביי דער האַנט דעם א י י ז ל. משיח זעט אויס מער אויסגעצערט און געבראָכן. דער אייזל מער געפּאַשעט.

### משיח

(צום אייזל)

צי ווייסטו ניט, אַז די גאולה ברייינגען
דאַרף קומען איך אויף דיר געריטן?
און דו זיך איינגעשפּאַרט ווי אַ משא־שליטן
וואָלסטו געפירט און ניט דעם וועלט'ס דערלייזער!

### אייזל

איך קאָן, משיח, ניט פאַרטראָגן מער דיין בייזער.
פון עדן אַרויס, האַלסטו מיך אין איין קריינקען.
דו זעסט, איך בין אין וועג געוואָרן היבשלעך פעט,
און שווערער ווערסטו מיר מיט יעדן גלעט.
ניטאָ די כחות פון די מאָגרע יאָרן —
און זאָג, ווי לאַנג בין איך עס צו דער גאולה געשוואָרן?

### ראש החכמים

איך זע, מיינע געסט, איר האָט צווישן זיך אַ שטרייט.
דאָס טרעפט אויך אָפט ביי אונזערע לייט.

### משיח

ניט דאַנקבאַר איז דער אייזל, מוז איך אייך זאָגן.

### ראש החכמים

אויף דעם, מיין פריינט, האָבן מיר אויך צו קלאָגן.
נאָר דאָס פאַרגיטיגן מוז די צייט.
די חכמה איז אַ וואונדערבאַרע פרי,
ווען איינער קריגט זי, באַקומט ער פאַר איר מורא.
דאָס ליגט אין דער נאַטור פון זאַכן. —
יאָ, זאָג מיר, האָסטו געהערט אַ לאַכן
אויפן וועג אַהער?

### משיח

געהערט און שטאַרק. פון פעלז אַרונטער.
דאָס פנים פלאַמט מיר נאָך איצט ווי צונטער.
איך בין געשיקט מיט גאולה פאַר די חכמים,
און דאָ אַ פעלז גאָר מיט נאַראָנים!
און לאַכט! פע, דאָס איז סתם ניט שיין.

### ראש החכמים

פאַרטריבן האָבן מיר דאָס נאַרגעביין,
געמיינט, אַז מיר פון אים שוין זיינען פטור.
האָט ער צום פעלז זיך צוגעקלעפּט ווי אַ בלאָטער
און וויל ניט אַוועק!

### משיח

ס'איז, קאָן מען זאָגן, כמעט געמיין.

משיח קומט פון אַ לאַנגן, ווייטן וועג
צו ברייננגען די לאַנג-געהאָפּטע גאולה-טעג
אין חכמה-טאָל צו אייך אַראָפּ,
פאַלט איין גאָר דאָרט אַ נאַרנקאָפּ
צו שטערן משיח'ס גאולה-טריט!
ס'מוז עפּעס ווערן פאַר דעם געטאָן. ווייל גאָט באַהיט,
די גאולה זאָל מיר איצט ניט געלינגען!

## ראש החכמים

(פּאַטעטיש)

אונזער חכמה מוז די גאַנצע וועלט פאַרקלינגען!

## משיח

געוויס, געוויס. אָן דעם דערלייז איז גאָר ניט מעגלעך.
(דערזעט פּלוצלונג די צוויי חכמה-שיצער מיט די בלאַנקע זעבל)
וואָס שטייען דאָ די צוויי מיט בלאַנקע זעבל?

## ראש החכמים

דאָס איז אַ טייל פון אונזער מעבל. —
דו ווייסט, אַז טאָג און טעגלעך
באַקעמפן מיר דעם פעלז מיט פּלאַקאַטן און קאַנאָנען,
מיט לופט-מאַשינען, שיפן עסקאַדראָנען,
און ער שלאָגט צוריק מיט לאַך און שפּאָט,
וואָס אים געגעבן האָט זיין נאַרנגאָט.

## משיח

מיין שליחות איז די גאולה און דער פרידן.

## ראש החכמים

(קוקט אים שאַרף אָן)

זאָג נאָר, משיח, שטאַמסטו ניט פון אידן?

## משיח

בן דוד איז מיין נאָמען, ירושלים מיין וויג.

## ראש החכמים

דיין פאָטער, דאַכט זיך, איז געווען אַ קעניג פון קריג,
און וואָס געלאָזן האָט ער דיר בירושה?
גאולה און פרידן?

## משיח

און אַ טיפּע קדושה
צו גאָט און זיין גרויסן וועלט-באַשאַף,
דעם מענטש.

## חכמים - זיץ

(ציטערט אויף)

דעם מענטש?!?!

(פון די ווענט טויכן-אויף די געשטאַלטן פון דער תפיסה)

## תפיסה - געשטאַלטן

משיח, באַפריי! — משיח, דיין האַנט! —

(דער חכמים-זיץ בלייבט זיצן אין פאַרווירונג בעת די תפיסה-געשטאַלטן פאַרשווינדן לאַנגזאַם)

## ראש החכמים

(אין געפּאַסטן טאָן. צו משיח)

ביז דו ביסט ניט געקומען אין אונזער לאַנד
האָט מוט אַזויפיל ניט געהאַט דער הימלשקלאַף,
וואָס רופט זיך מענטש און פעדעלט מיט זעלישע פאַרלאַנגען.
מיר האָבן ז י י ן ס ח ו ר ה פאַרשיקט צו די שלאַנגען.
אַליין קומט ער אַמאָל צו אונזער ראַט.

מיר האָבן הײַנט מיט אים אַ פּאָרפּאַל געהאַט.
געוועזן די זאַך איז שיר ניט קאַטאַסטראָפאַל,
נאָך ניט פּאַסירט האָט עס אין אונזער זאַל.
געוועזן איז ער ניט איבעריגס אײַנגעשפּאַרט
און דורך דעם דיל זיך אַוועקגעשאַרט.

## משיח

איז דאָס די טבע פון מענטש צו גיין דורך דיל און ווענט?

## ראש החכמים

דאָס ליגט שוין אין זײַן עלעמענט.
ער שוועבט און שפּוקט אַזוי אַרום אויף דר'ערד,
מיט שטאָלץ באַוואָפּענט — זײַן צעבראָכן שווערד.
אָט שפּילט ער די האַרף און אָט די טרומייט,
אָט איז ער פאַר קעניג, אָט פאַר בעטלער פאַרקליידט.
ער איז צו ע ר אַ ט י ש פאַר פעסטע פּרינציפּן;
מען ציילט אים איצט צווישן די נאַרנטיפּן.

## משיח

(פאַרלאָרן)

פאַר וועמען ברײַנג איך די גאולה?

## ראש החכמים

פאַר די קלוגע.

נו יאָ, נו יאָ — נאָר מ'קאָן ווערן שיר משוגע,
אַזוי געדרייט איז צו אײַך דער וועג.

## ראש החכמים

הערלייז גייט אויף דעם שאַרף פון זעג.

אויך מיר דאָ געהאַט אַ שווער פּראָבלעם:
דער נאַרנמענטש איז אַ האַרטער ביסן,
רעדט באַלד צו דיר פון יושר, געוויסן,
און מאַכט פאַר וועלט דיר אַ שלעכטן שם.
נאָר חכמה גיין מוז מיט שפּיזענטריט,
ווייל גאולה-וואָגן דער אייזל ציט.

## משיח

בין ניט געגאַנגען, נאָר געפלויגן,
ווען כ׳בין אַרויס מיט גאולה צו אייך,
די ערד אונטער די פיס האָט זיך געבויגן,
געווען בין איך מיט דעם אָדלער צוגלייך.
נאָר דאָ און דאָרט האָט מיין טרייער באַגלייטער
אַ לאָנקע געמאַכט פאַר זיין קוואַרטיר,
אַזוי וואָס ווייטער, אַלץ צעדרייטער
ווערט ער אין זיין ווילן אַנטקעגן מיר.
בין איצט צעטומלט, אַז כ׳ווייס שוין ניט,
צי אָדלער, צי שפּיזן זיינען מיינע טריט,
און ווער וועמען טראָגט? ער — מיך? אים — איך?

## ראש החכמים

מיר מעסטן ביידע די זעלביגע שיך.
נאָר ווי ניט גרויס איז דאָ דער צער,
ליגט אַלץ אין נאַרנפעלז די הויפּטגעפאַר. —
וואָס קאָנסטו טאָן פאַר אונז? וואָס דיין געדאַנק?

## משיח

איך בין מיט גאולה גרייט.

## ראש החכמים

מיר שוין פון לאַנג.

חכמים אַלע זיינען מיר, ווי דו זעסט,
און ווען אויף פעלז ניט דער נאַרנפעסט,
די וועלט געווען וואָלט לאַנג באַפרייט. —
ניט צו פאַרלירן מער קיין צייט,
האָב איך פאַר דיר אַ קלוגן פּלאַן:
דו נעם דעם שנעלסטן עראָפּלאַן
און פלי מיט אייזל צום פעלז. זאָג דאָרט דעם ליץ,
אַז פאַר חכמים שוין געקומען דער קץ.
ער איז אין טאָל. דו האָסט פאַר דעם באַוויז.
אַליין ביסטו דורך אַן אַנדער קרייז
מיט גאולה צו אונז אין טאָל געקומען.
דו מוזט, פאַרשטיי, אָנפירן פּראָפּאַגאַנדע,
אפשר וועט דאָך די נאַרנבאַנדע
דורך דיר, משיח, איר שפּאָט פאַרשטומען.
דער וועג פאַר גאולה וועט דאַן זיין פריי,
צו אונז אין טאָל קומסטו אויף ס׳ניי.

## משיח

דו ביסט גערעכט. רעדסט מיט פאַרשטאַנד.
די גאולה ברייגגען קאָן איך ניט אין לאַנד,
ווען ס׳שטייט אין וועג דער קלענסטער נאַר.

## אייזל

(צום ראש)

מעג איך דיך פרעגן, ליכטיגער האַר,
וואָס וועל איך טאָן דעם רייטער אין באַגלייט?

### ראש החכמים

דו גייסט מיט דיין דערלייזער ביז אין טויט.
דו ווייסט אים זיין דער סעקרעטאַר,
פון אונז באַקומסטו שוין דיין שכר.

### משיח

קאָן איך שוין גיין?

### ראש החכמים

ניט אַ מינוט פאַרלירן.
נאָר וואַרט, איך וועל דיך ערשט אַרויספירן
צום פאָלק אין דרויסן. דאָרט גייט איצט אָן אַ מאַסקאַראַד,
מען שפּרינגט און טאַנצט ווי אין אַ טשאַד.
זאָל וויסן פאָלק, אַז גאולה קומט פון ווייטע ספערן,
זאָל ער דערלייז פון דיין מויל הערן.

(ער שטעלט זיך אויף פון זיין זיץ. די חכמים מיט אים)

ב י ל ד  פ י ר

# פּלאַץ פאַרן חכמים-זיץ

אַ גרויסער סקווער, באַלויכטן פון טונקעלע לאַמטערן. אַ מאַסקאַראַד־עולם. אַלע מעגלעכע מאַסקעס פון חיות, בהמות, פויגל, שטאָט־ און דאָרף־מענטשן. דאָ און דאָרט שפּוקט דורך אַ שד־געשטאַלט מיט אַ בייטשל אין האַנט און קנאַלט אַריין אין דער לופט. אַ דעמאָן־מאַסקע, מיט אַ צויבער־שטעקעלע אין האַנט, פירט זיך אויף ווי דער מאַסקאַראַד־מאַסטער. יעדעס מאָל, ווען אַ שד'ל שפּוקט פאַרביי, גיט ער דעם דעמאָן אַפּ מיליטערישע ערע. די איינציגע אָן מאַסקן זיינען די חכמה־שיצער.

אין צענטער דער פּלאַץ פון חכמים־זיץ. אַ פייערדיגע אויפשריפט איבער אים. הויכע ברייטע טרעפּ פירן צו אים אַרויף. ביי דער טיר אַ פיגור פון דעם חכמה־גאָט. פּלאַץ און חכמה־גאָט שטאַרק באַוואַכט.

מאַסקן קומען און גייען. די באַוועגונג איז פלעגמאַטיש, ווי אין חלום. דער אָפּטער לופט־קנאַל פון די שדים בייטשלעך און דאָס אויסרופן פון דעמאָן מאַכט די בלוטן אַ ביסל שטאַרקער צירקולירן.

## דעמאָן-מאַסקע

(מישט זיך צווישן די מאַסקן אין טייוולש־צערעמאָניעלן גאַנג. דרייט מיטן צויבערשטעקעלע און רופט צו יעדן איינעם)

דאָס לעבן איז אַ מאַסקאַראַד,
שפּיל, שפּיל, דו מאַסקע!
דער טויט קומט אָן ווי אַ פּאַראַד —
צום טייוול מיט זיין לאַסקע!

## שדים - כאָר

פון בייטש דער קנאַל
שניידט דורך די לופט;
עס קומט דער שטאַל,
ווען בייטש נאָר רופט!

# שטאַל - מאַסקע

גע‏הערט דעם רוף
און בין געקומען;
עס קען מיין גוף
פון בייטש דעם זשומען.

# דעמאָן

(פון מאַסקע צו מאַסקע)

דאָס לעבן איז אַ מאַסקאַראַד,
שפּיל, שפּיל, דו מאַסקע!

# דאָס מאַסקנפּאָלק

(אין פלעגמאַטישער באַוועגונג. זינגט שטיל ווי אין חלום)

דאָס לעבן איז אַ מאַסקאַראַד,
אַ חלום איז דיין מאַסקע!
דער טויט קומט אָן ווי אַ פּאַראַד —
קום גיכער מיט דיין לאַסקע!

די דעמאָן־מאַסקע דערלאַנגט אַ שפּרונג ווי פון עפּעס געביסן. די שדים קנאַלן מיט די בייטשן אין דער לופט. דאָס מאַסקנפאָלק טשוכעט זיך אַ ביסל אויס.

# דעמאָן

(שטייט שוין אויף די טרעפּ פון חכמים־פּאַלאַץ. דרייט מיטן שטעקעלע. זיין שטים לאָזט זיך הויך הערן)

דאָס מאַסקנשפּיל נעמט פאַלשע טענער;
די אייזלען קרייען ווי די הענער,
די הענער וואָרקען ווי טויבן,
די טויבן פּיקן אין די שויבן —
זיי ווילן מיר מיין יום־טוב רויבן.
פּיקט, פּיקט איר טייבעלעך!

צאַרטינקע לייבעלעך!
נאַט אייך קערנער קלייבן!

(דעמאָן צעשיט אַ הויפן מיט קערנער ביי די פיס פון טרעפ. די פויגל־מאַסקן וואַרפן זיך מיט די שנאָבלען צו דער ערד. מען הערט דייטלעך דאָס פיקן. פלוצלונג קנאַלן אויף עטלעכע שדים־בייטשן און די פויגל צעפליען זיך. עס פאַראַדירן פאַרביי אַן אייזל־ און אַ קו־מאַסקע געאָרעמט.

## אייזל - מאַסקע

(צו זיין באַגלייטערין)

דער טייוול דאַרט דרייט מיטן שטעקן,
מוזן דרייען מיר דאָ מיט די עקן.

## קו - מאַסקע

די שדים קנאַלן מיט די בייטשן,
קאָנסטו דאָס קנאַלן מיר פאַרטייטשן?

## שד

(שטייט פלוצלונג הינטער זיי. שאַרף אין ביידענס אויערן)

אויף אַ בייטש
פרעג ניט קיין טייטש!
און פון אַ קנאַל
גייט קו אין שטאַל!

(אַ קנאַל מיטן בייטש און דער שד פאַרשווינדט. אייזל־ און קו־מאַסקע ציען אַוועק ווייטער)

דעמאָן פון זיין הויך דרייט מיטן שטעקעלע ווי רופנדיג נייע מאַסקן.
עס קומען אָן געאָרעמט אַ האָן מיט אַ הון.

## האָן

(קאָקעטירט)

האָסטו געהערט דעם דעמאָן זאָגן,
אַז מיין זינגען טויג אויף קלאָגן?

## הון

(טוליעט זיך צו איר באַגלייטער)

דיין זינגען טוט מיר וואויל געפעלן,
אויך אויף דיין קאַם די רויטע קרעלן.

(ציען פאַרביי)

עס קומען אָן צוויי אַרבעטער־מאַסקן. איינער טראָגט אין האַנט אַ האַמער און אַ שטיק גליענדיגן אייזן. דער צווייטער טראָגט אַ קאָוואַדלע אין זיינע הענט. זיי שטעלן זיך אָפּ. די ערשטע מאַסקע לייגט אַרויף דעם אייזן אויף דער קאָוואַדלע און האַמערט צו.

## מאַסקע מיטן האַמער

שמיד דיין אייזן! שמיד און שמיד!
ווערן טאָרסטו קיינמאָל מיד!

## מאַסקע מיט דער קאָוואַדלע

פליען פונקען, רינט דער שווייס,
פילן טאָרסטו קיינמאָל הייס!

## ביידע מאַסקן

שמיד איך סערפּ, שמיד איך שווערד —
שווייס און בלוט פילט אָן די ערד;
וואַקסט פון דר׳ערד אַ זאַנג אַרויס,
ראָזיג־דופטיג ווי אַ רויז.

## כאָר

וואַקסן זאַנגען, וואַקסן ראָזן,
שטאַרקער, שמיד, דיין בלאָזיק בלאָזן!

(די אַרבעטער־מאַסקן גייען אָפּ ווייטער)

דעם דעמאָנ׳ס שטעקעלע איז געוואָרן אַ פּערפּעטום מאָבילע. עס קומט אָן אַ מאַסקע פון אַ מאַרק־הענדלער מיט אַ קערבל אין האַנט.

## מאַסקע מיטן קערבל

(רופט)

נאָדלען, שפּילקעס צו פֿאַרקויפֿן!

אַ שטאָך אין הינטן מאַכט דיך לויפֿן!

(ער ווערט אַרומגערינגעלט פֿון פֿילע מאַסקן, וואָס זוכן אין זיין קאָרב)

## קויפֿער

גוטער סוחר, גיב אונז סחורה!

## חכמה-שיצער

(אָן אַ זייט)

זיי האָבן גאָר פֿאַר שוץ קיין מורא.

(שטעלט טריט)

## מאַסקע מיטן קערבל

טשוועקעס! דזשעגאַכטס! שמעק-טאַבאַק!

## חכמה-שיצער

(קומט אונטער)

טאָ נאַ זשע דיר אין זייט אַ קנאַק!

(דערלאַנגט דער מאַסקע מיטן קערבל אַ זעץ מיטן ביקס אין זייט. די מאַסקע ציט אָפּ אין שמערצן. די קויפֿער צעראַשטרייען זיך)

## דעמאָן

דאָס מאַסקנשפּיל וועט היינט געראָטן;

עס פֿעלן נאָך די סאַנקילאָטן.

## שדים-כאָר

די סאַנקילאָטן וועלן קומען,

מיט רייסן פֿאַסן דערוויל פֿאַרנומען.

עס קומט אָן אַ גרופּע דאָרף-מאַסקן. צעשטעלן זיך אין רינג.

(כאָר אין רינג)

## פּויערמיידל

די קו איך מעלק,
מילך גיט די קו ;
דער אָקס אין שטאַל
געפינט קיין רו.

## פּויערטע

די קו געמאָלקן,
דאָס מילך געטרונקען ;
דאָס קינד האָט פינגער
אַריינגעטונקען.

## יונגער שניטער

דאָס היי אין פעלד
שוין אָפּגעשניטן,
צוריק אויף פערד
אַהיים געריטן.

## פּויער

דער שניטער ערנסט
און טיף פאַרטראַכט,
ניט הערט ער, אַז
דאָס מיידל וואַכט.

## כאָר

דו בחור יאָלד,
וואָס טראַכסטו, וואָס ?
טרינק אַזוי לאַנג
פול איז דער כוס !

## יונגער שניטער

דעם כום געטרונקען
ביז סאַמע דעק;
דאָס פערד ער דרייט
שוין מיט זיין עק.

## פויערמיידל

נו זאָל ער דרייען
ביז העלן טאָג!
גיב מיר אַוועק
דיין גאַנץ פאַרמאָג!

## יונגער שניטער

מיין גאַנץ פאַרמאָג
אַוועקגעגעבן,
האָב זיך געלאָזן
בלויז דאָס לעבן.

## כאָר

האָסט גוט געטאָן,
דו בראַווער יאָלד! —
אַ שניטער האָט
אַ מיידל האָלט.

## חכמה-שיצער

דאָס לעבן, שניטער,
איז אויך ניט דיין,
דו קום צו מיר
אין שויץ אַריין!

(פּאַקט דעם שניטער ביים קאָלנער און פירט אים אַוועק)

## כאָר

אַ, מיידל - כלה,
ניט זיי באַטריבט! —
אַ שניטער האָט
אַ מיידל געליבט.

(דער כאָר מישט זיך אוים צווישן די איבעריגע מאַסקן)

## שויץ - לויפער

(קומט אַרוים פון חכמים-זיץ. מעלדעט)

איר מאַסקנפאָלק, מאַכט זיך גרייט!
עס קומט דער ראש פון געסט באַגלייט.

אַ נייער שטראָם לעבן גיסט זיך אַריין אין מאַסקנפאָלק. אַלעמענס אויגן געריכטעט צום חכמים-זיץ. ר א ש ה ח כ מ י ם, מ ש י ח (ליכט-שטראַל איבערן קאָפּ) און דער א י י ז ל קומען אַרוים, בלייבן שטיין ביי דער טיר.

## דעמאָן

(דרייט מיטן שטעקעלע. צום מאַסקנפאָלק)

דאָס מאַסקנשפּיל וועט אינטערעסאַנט,
אָט קומען מאַסקן אומבאַקאַנט!

## מאַסקנפאָלק

(פאַרבויגט זיך טיף)

מיר גריסן דיך, דו ראש פון טאָל,
מיט דיינע געסט צומאָל!

## ראש החכמים

מיינע ליבע מאַסקן, ווי איז דאָס שפּיל?
פילט איר זיך גוט אין דעם פּאַראַד?
די חכמה-אַרבעט, איר ווייסט, איז פיל,
זי האַלט מיך צוריק פון דעם פּאַסאַד.
איך גלויב, איר ווערט דאָ גוט באַהאַנדעלט

פון דעם געשיקטן מאַסקאַראַדן-מאַסטער.
איר דאַרפט נאָר זיין גאַנץ ט י ף פ אַ ר ו ו אַ נ ד ע ל ט —
די מאַסקנלאָזע די מאַסקן רייסט ער.
דאָס מאַסקנשפּיל איז אַן אַלטע זיטע,
בלויז די פאַרוואַנדלונג איז אונז ניי;
און ווען דער צויבערשטעקל האָט די שליטה,
דאָס שפּיל געווים איז חכמה־טריי.

## דעמאָן

(באַריכטמעסיג)

דאָס שפּיל גייט אָן אין בעסטן טאַקט,
די מאַסקן זיינען פיין גרופּירט,
דער בייטש פון מיינע העלפער קנאַקט,
די ראָלן טיכטיג איינשטודירט!

## ראש החכמים

איך וויים, דו טוסט דיין אַרבעט גוט,
דערפאַר האָסטו די צויבערוּט.
(צום מאַסקנפאָלק)
שפּילט ווייטער, מאַסקן, שפּילט און שפּילט!
דער שונא ווערט באַלד איינגעשטילט.
עס שטראָמט אונז הילף פון אַלע זייטן,
זי קומט פון נאָענט, זי קומט פון ווייטן.
(מיט דער האַנט אויף משיח'ס שולטער)
אָט שטייט פאַר אונז אַ גרויסער גאַסט,
משיח. פון ווייטער ווייט דערפילט די לאַסט,
וואָס פרעסט אויף אונזרע שולטער האַרט,
האָט ער אַ רגע ניט געוואַרט,
מיט פריינט זיין אייזל אין באַגלייט
קומט ער צו אונז גאָר שטילערהייט,

פאַרלומפּט, פאַרהונגערט און פאַרדאַרט,
צו העלפן אונזער קלוגע טאַט,
ווי ס'שטייט געשריבן אַקוראַט.
דערלייז פאַר קלוגע איז זיין מיסיע;
דערוואוסט, אַז נאַרנפעלז שיסט מיט שפּאַט
אויף אונזער טאַל און זיין געבאַט,
האָט ער באַוויליגט אַלס קאָמיסיע
צו גיין מיט אייזל אין נאַרנגעסט
און קלוג אויסראָטן דאָרט דעם פעסט.
אַזוי דערפילן וועט ער זיין שליחות,
און מיר פאַרשרייבן אים אין אונזער יחוס.
מיט עראָפּלאַן פליט ער באַלד אָפּ,
ער האָט געציילטע פאָר מינוט,
נעמט אים און אייזל אין שפּיל אַראָפּ —
זאָל זיין געשפּילט און ניט גערוט!
געטיילט זיי ערע ביז העכסטן גראַד
אין אייער שפּיל און מאַסקאַראַד!
(דער ראש אין באַגלייט פון שוק־לויפער גייט אָפּ צוריק אין חכמים־זיין)

דער דעמאָן איז מיט אַ לייכטן שפּרונג לעבן משיח. ער נעמט אים אין אָרם און פירט אים אַראָפּ די טרעפּ צום מאַסקנפּאָלק. אַ שד מיט אַ בייטשל וואַקסט אויס ביי דער זייט פון אייזל און פירט אים אויך אַראָפּ צום מאַסקנשפּיל. זיי ווערן אַרומגערינגעלט און געצערטלט פון די מאַסקן.
עס הערט זיך אַ שעפּטשען: משיח! — משיח! — משיח!

## משיח

(געפירט פון דעמאָן. צו זיין באַגלייטער)
ווי לייכט עס איז ביי דיר דיין גאַנג,
דו שוועבסט דאָך פשוט, ניט דו גייסט.

## דעמאָן

געוועזן בין איך אַמאָל שטאַרק קראַנק,

האַט מוטער מיך געטרייסט,
(אַליין דערביי פאַרגאָסן טרערן,)
אַז ווען געזונט וועל איך נאָר ווערן,
וועל איך ניט גיין, נאָר שוועבן.
אום צו דערהאַלטן זיך ביים לעבן,
מוז ערד זיך טרייסלען אונטער מיינע פיס.

## משיח

עס גיט אין האַרצן מיר אַ ריס
דיין יעדער שלעפּ. קאָן ניט נאָכהאַלטן
דיינע טריט. איך פיל אַ שוויים אַ קאַלטן
זיך גיסן איבער לייב. — ווער ביסטו, ווער?

## דעמאָן

דאָס טויטע קינד, וואָס אַ מוטער'ס טרער
האָט אים צום לעבן צוריקגערופן.
מיין נ יי־ג ע ב ו ר ט האָט באַשטימטע שטופן:
די טויטע האַלטן מיך פאַר טויט,
דאָס לעבן פאַרבט מיך צונטער רויט.

(עס קומען אָן איניגע ט ו י ט נ מ אַ ס ק ן, געפירט פון
אַ וו י נ ע נ ד י ג ע ר מ אַ ס ק ע)

## ערשטע טויטנמאַסקע

משיח, באַפריי! די ערד איז שווער!

## צווייטע טויטנמאַסקע

משיח, דערלייז! דעם טויט צעשטער!

## ווינענדיגע מאַסקע

משיח, דיין טרייסט! האָב מער קיין טרער.

(עס קנאַלן די שדים־בייטשן. די טויטנמאַסקן פאַרשווינדן. די ווינענדיגע מאַסקע צולעצט)

### אייזל

(צום שד, וואָס פירט אים)

צו וואָס די בייטש? ווילסטו דען רייטן אויף מיר?

### שד

די בייטש איז בלויז אין האַנט אַ ציר.

### אייזל

וואָס הער איך אָפּט אַזוי איר קנאַלן?

### שד

אַ בייטש האָט לעבן. זי באַגערט צו שאַלן
אַדורך דער לופט. זי שטורמט זיך אויף
אין שווינגען. איר גרויסער צוועק
גייט ניט פאַרלאָרן. מאַסקן אין שרעק
דערמונטערט זי און טרייבט פאָרויס.

(דער אייזל ווערט אַרומגערינגעלט פון פילע פרויענמאַסקן. דער שד לאָזט אים איבער, אָבער שפּוקט יעדע רגע אים פאַרביי.)

### פויערמיידל

מיין חתן איז אַוועק באַשיצן דאָס לאַנד,
גיב, אייזל, מיר דיין צערטלעכע האַנט!

### ערשטע פרויענמאַסקע

איך בין געשידן פון מיין מאַן,

געווען איז ער אַ שאַרלאַטאַן,
אַן אַנדערע האָט ער זיך גענומען —
ווילסטו, אָ אייזל, צו מיר קומען?

## צווייטע פרויענמאַסקע

איך בין אלמנה. מיין מאַן איז געפאַלן
אין שלאַכט פאַר אונזער גרויסן ציל.
געלוסטן טוען מיך מענער פיל,
נאָר מאַן מיר זיין איז קיינער קיין בעלן.
דאָס טוט מיך שטאַרק פאַרדריסן —
ווילסטו מיין ליבע געניסן?

## דריטע פרויענמאַסקע

איך בין אַ מיידל גאָר אַ צנועה,
דו קאָנסט עס זען אָן מיין יעדער תנועה.
ביי אונז די יונגעלייט
פאַר מיר זיינען צו פאַרשייט.
דו קומסט אַ גאַסט פון דער ווייט,
לויפן נאָך דיר אַלע —
נעם מיך זשע פאַר דיין כלה!

## פרויענמאַסקן

(אין געדראַנג)

און מיך די שענסטע! —
און מיך די קלענסטע! —
און מיך די שטילע! —
איך בין איינע פון פילע. —
און מיך די געשייטע! —
און מיך די ברייטע! —
נאָך דיינע טריט איך שטאַרב! —

מײַן מערכה ניט פֿאַרדאַרב! —
דײַן אויג ברענט מײַן בלוט! —
מיט דיר װעט מיר זײַן גוט. —

**אײזל**

(װוערט זיך)

בין איך געפֿאַנגען? אָ, לאָזט מיך לויז!

**פֿרויענמאַסקן**

מיר טוען, אײזל, דיר ניט קײן בײז.

**אײזל**

(װוישט זיך דעם שטערן)

איך פֿיל אַ שטיקן. אָ, װוי הײס!

**פֿרויענמאַסקן**

מיר װעלן קושן דיר דעם שװײס.

**אײזל**

איר מאַכט דעם װעג מיר שװער.

**פֿרויענמאַסקן**

דערפֿיל, אַ מלאך, אַ פֿרױ׳ס באַגער!

**אײזל**

איך בין, איר זעט, אַן אַלטער בחור,
כאָטש, קאָן מען זאָגן, אַ פֿעטער זכר,
נאָר כ׳בין צו מײַן דערלײזער געבונדן
ביז פֿעל פֿון מיר װעט װערן געשונדן.
דאָס האָט געזאָגט אײער קלוגסטער מאַן.
װאָס שיקט אונז אָפּ מיט עראָפּלאַן

צום פעלז פֿון די נאַראָנים —
פֿון מיר און אייך די ביטערסטע שונאים.
אויף מיר און משיח איז דער גורל געפֿאַלן,
מיר זאָלן זיי פֿון דער וועלט אויסשאַלן.

## פרויענמאַסקן
(אין כאָר)

זיי גייען די בחורים
אין קאַמף פֿאַר אונזער שטורם.
אַוועקגעגאַנגען,
אונזערע פֿאַרלאַנגען
מיט זיך גענומען! —
לאָמיר מיט בלומען
דעם גאַסט באַקרוינען!

(דאָס פֿויערמיידל שטעקט אַריין בלומען דעם אייזל אין די אויערן)

## אייזל
(גערירט פֿון דער צערטלעכקייט)

מיט וואָס, מיידל, זאָל איך דיר באַלוינען?

## פֿויערמיידל

אַ קוש פֿון דיר און כ׳וועל זיין געטרייסט.

(אייזל קושט דאָס פֿויערמיידל)

## פרויענמאַסקן

נאַר איינער?! וואָס הייסט?! וואָס הייסט?!

(דער אייזל קושט זיך מיט די אַנדערע פרויענמאַסקן אין דער ריי)

עס דערהערט זיך דאָס שאַלן פֿון אַ טרומייט, דאַן דאָס קלאַפּן פֿון אַ פּויק. עס קומען אָן די ס אַ נ ק י ל אָ ט ן, אָפּגעריסן, נאַקעט לייב קוקט אַרויס דאָ און דאָרט. יעדער טראָגט אַ פלאָקן אין האַנט. שטעלן זיך אין מיטן פּלאַץ.

## סאַנקילאָטן

(כאָר אין באַגלייט פון פויק און פלאָקן)

מיר זיינען די סאַנקילאָטן!
בראָטן,
אויסראָטן
די אַלע, וואָס פון אונז שפּאָטן!
איר נאַרן,
באַרבאַרן!
דאָס האַלז וועלן מיר אייך פאַרשפּאַרן!
דער קריג
וועט זיג
צו די חכמים געבן!
געבונדן,
געשונדן
די נאַרן, וואָס נאָך לעבן!
די חכמה ביי דעם שטורם-מענטש,
ווער ס׳גלויבט ניט — אַ טערעבענטש!!

## משיח

(צום דעמאָן)

וואָס מאַכן זיי דאָרט אַזאַ טומל?

## דעמאָן

אָט דאָס געהערט נאָך אויך צום רומל.
דאָס פויקן, פריינט, האָט אַ שטאַרקן כח:
וואו נאָר דערפילט אַ שלעכטן ריח,
ווייזט צוויבערשטעקל אָן,
קומט פויק און דער טראָמבאָן
און ריינִיגט לופט. עפּוש איז פאַרבאָטן.

### משיח

ווער זיינען יענע?

### דעמאָן

די סאַנקילאָטן.

### משיח

(קוקט פאַרוואונדערט)

ווי? ערשט פאַרלירט מען ביי אייך די הויזן,
דערנאָך מאַכט מען אַ טוגענד פון דעם בלויזן?

### דעמאָן

די טוגענד איז מיט דעם נאַקעטן לייב,
דאָס וועט דיר זאָגן יעדעם ווייב,
וואָס האָט איר קלייד פאַרליען. —
(נאָענטער מאָטאָר־רויש)
נאָר צייט, מיין גאַסט, שוין אָפּצופליען.
דער עראָפּלאַן שטייט גרייט פאַר אייך.

### משיח

(קוקט זיך אַרום)

וואו איז מיין אייזל?

### דעמאָן

אין ווייבעררייך.

### משיח

(דערזעט אייזל אין אַ ליבעסצענע מיט אַ פרויענמסקע)

אַ שיינער תכלית פון אים געוואָרן!
מיט פרויען גאָר אַרומזיכטרייבן!

ער וועט פֿאַרקירצן נאָך די יאָרן
דער גאולה!

(רופֿט)

אייזל! גייסט דאָ פֿאַרבלייבן
אָדער פֿליען מיט מיר צום פֿעלזנבאַרג?

## אייזל

(צו די פֿרויענמאַסקן)

כ׳מוז גיין. די צייט איז קאַרג.
מיין רייטער איז שוין אויך אין צאָרן.
(גייט צו משיח. די פֿרויענמאַסקן וואַרפֿן אים נאָך בלומען און קושן)

## משיח

(מוסר׳ט)

וואָס איז דאָס פֿאַר אָוועקגיין פֿון מיר!
דו קאָנסט אַזוי פֿאַרבלאָנדזשען שיר.
איך קריג פֿון דיר אַ לונגענפֿעלער,
וויים ממש ניט וואָס צו טאָן מיט דיר.
אונזער גאַנצע שליחות שטייט אין קאָן —
נו קום שוין פֿליען שנעלער!

## דעמאָן

(באַפֿעלט)

אַ קלאַפּ אין פּויק און אין טראָמבאָן!

(משיח און אייזל גייען אָפּ, באַגלייט פֿון טרומייט- און פּויק-מוזיק)

סוף פֿון צווייטן טייל

ד ר י ט ע ר ט י י ל

# ג ר ע נ י ץ

אין דריי בילדער

## פּערזאָנען:

שוישפּילער
נעפּטונאַ
דאָקטאָר קריטיקוס
אַנטוישטע מיידל
פּאָמפּאַדור
נעגער
פילאָזאָף
גאָלדזאַק
הויפנאַר
וועכטער
מענטשגעשטאַלט
משיח
אייזל
קעניג
קעניגין
שטורמער
אייזלמענטש

שלאַנג, ערב־רב, בת־קול, כאָר.

אָרט: פּעלז און גרעניץ

בילד איינס

# צוויי בוימער אויפן פעלז

שטערנענאַכט. לבנה־שיין. אין הינטערגרונט שאַטענט דער לאַגער פון געצעלטן. נ ע פ ט ו נ אַ שלייכט אַרוים פון דער נאַכט מיט לייכטן טריט. ד ע ר ש ו י ש פּ י ל ע ר נאָך איר. זיי בלייבן שטיין ביים בוים לינקס.

### נעפטונאַ

(שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אָן בוים)

בין איך געגאַנגען צי געלאָפן?

### שוישפּילער

דעם וועג דאָך ריכטיג האָבן מיר געטראָפן.

### נעפטונאַ

(מיט דער האַנט צום קאָפּ און ברוסט)

איך פיל אַ שווינדל. ווי שטאַרק עס קלאַפּט די ברוסט.

### שוישפּילער

דאָס איז דער באַראָמעטער פון וואַנדערלוסט.

זעץ זיך, נעפטונאַ, דאָס גראָז איז ווייך.

(גלעט אירע האָר)

דו זעסט מיר, קינד, אוים ווירקלעך צו בלייך.

מוזט רוען.

### נעפטונאַ

רו איך אַזוי געשפּאַרט אָן שטאַם.

די קאָרע שטרייכט די האָר מיר ווי אַ צאַרטע קאַם.
ווי ליב עס איז דער בוים מיט זיין קאָרעהויט!
מיר דאַכט, איך הער דאָס בלוט אין זיינע אָדערן פליסן;
געוואָלט וואָלט איך מיט אים זיך דאָ צוזאַמענגיסן
און טרוימען פון אַ ווייטער וועלט ביזן מאָרגנרויט.

## שווישפּילער

דו פיבערסט, קינד, קום זעץ זיך צו.
(געהאָרכיג זעצט זיך נ ע פּ ט ו נ אַ לעבן ש ו י ש פּ י ל ע ר
אונטערן בוים)
און דאָ אין שויס געפינסטו רו.
(ער לייגט איר קאָפּ אויף זיין שויס)

## נעפּטונאַ

געשלאָסן זיינען מיינע מידע אויגן —
און דאָך זע איך דעם הימל נאָנט זיך בויגן
מיט זיינע מיליאָסן שטערן איבער מיר.
איך פיל זיין אָטעם, — מיר איז קאַלט! איך פריר!

## שווישפּילער

(דעקט זי צו מיט זיין מאַנטל)
ווי פילסטו איצט?

## נעפּטונאַ

די קעלט איז שוין פאַריבער.

## שווישפּילער

באַקאַנט איז מיר דער הייסער פיבער,
געלאָשן האָב איך אים ניט איינמאָל אין מיין שויס.
עס איז דער ציטער פאַר דעם נאָנטן-אומבאַוואוסטן,
דער פּחד פאַר — נאָך וואָס מען טוט געלוסטן,
און אין ד ע ר ק ע נ ע ן לעבט דער ציטער אויס.

### נעפּטונאַ

דיין מאַנטל דופט נאָך זעלטענע פּאַרפּיומען,
ער גלעט מיין לייב ווי אַ מוטערס צאַרטע האַנט;
האָסטו געבאָדן אים אין דופט פון בלומען
אין יענעם ווייטן אומבאַקאַנטן לאַנד?

### שווישפּילער

עס איז דער דופט פון רום. אַ שטאַרקער אַראָמאַט.
ער טראָגט אין זיך דעם ריח פון דיין יעדער גוטער טאַט.
פאַרלעשן קאָן אים ניט קיין האַנט, קיין שטורמווינט,
ער שטייגט פון טאָל צום פעלז און צו דיר, מיין קינד.
דאָס איז די קראַפט פון קונסט און שפּיל,
ד אָ ס פּ אַ ר פ י ו מ י ר ן איז איר ציל.

### נעפּטונאַ

ווי אָנגענעם דער דופט. איך פיל ער שכורט איין.

### שווישפּילער

דאָס איז אַפּלויז, וואָס שטאַרקט דעם ווייַן.
אין יעדן פאַלד פון אָט דעם מאַנטל-רום
ליגט דער אַפּלויז באַהאַלטן שטום
און זינגט זיין ליד פאַר ווינט און שטערן
מיר אויף דעם וועג מיין איצטיג שווערן.
דו האָסט, נעפּטונאַ, אַ דינעם חוש,
דו פילסט זיין אָטעם אין רויש און קוש
פון ים און ווינט, אין יעדן שטערנוואונק. —
(וואַרעם)
עס גליט אין דיר אַ געטלעך גרויסער פונק.
נעפּטונאַ! דו ביסט געבאָרן פאַר אַ גרויסן נאָמען.
אויפגיין אין דיר מוז הויך דער זאָמען

פון דיין טאַלענט פאַר בינע־וואַנדל־קונסט!
אַרויס מוזטו פון אומבאַוואוסטן דונסט
און שטייגן זאָל דיין רום ביז די פּיראַמידן הויך!
עס איז דאָס לעבן, קינד, ניט מער ווי דופט און רויך.
דו נעם ד ע ם ד ו פ ט! צו אים ביזטו געבאָרן.
צום דופט אַליין האָב איך אויך געשוואָרן.

## נעפּטונאַ

(זעצט זיך אויף, אַראָפּוואַרפענדיג פון זיך דעם מאַנטל)

מיר דאַכט, איך הער דעם רויש פון אַלע זיבן ים'ען,
און שוין הער איך דאָס וויינען פון מיין מאַמען,
ווען איך געלעגן אין איר שויס פאַרשטאַרט
און אַלע האָבן אויף נאָנטער הילף געוואַרט
פאַר אונזער שיף אין פלאַמען.
דער זיידע זאָגט, איך בין זיין קינד,
דער ים געבאָרן האָט מיך אויף זיין אינד,
וואָס האָט צום ברעג מיך צוגעטראָגן —
נאָך הער איך איצט מיין מוטער קלאָגן:
„מיר גייען אונטער! ראַטעוועט מיין קינד!“
און ווען געעפנט האָב איך מיינע אויגן,
דאָס גאַנצע בילד, זע, איז פאַרפלויגן.
עס שטרייכט אַ גוטע האַנט מיינע באַקן קיל,
און אַלץ אַרום איז שטיל און שטיל.
עס שלאָפט דער ים ווי נאָך אַ ווילד געוויטער;
איך זע אַ טורם, פון אַ ליכט אַ ציטער,
און אויגן, אויגן, מיט טרערן אָנגעפילט,
עס רעדט אַ שטים אַזוי טרייסטענד מילד:
„דו ביסט, מיין קינד, פון ס'ניי געבאָרן,
ניט פרעג אויף דעם, וואָס איז פאַרלאָרן!“ —

דאָס איז געווען דער ליבער, גוטער זיידע.
אַזוי געלעבט אין טורם דאָ מיר ביידע,
געהאָלפן אים דאָס ליכט אָנצינדן,
ער מיר די צעפּ, די שיך פאַרבינדן.
אַזוי געגאַנגען זיינען טעג און יאָרן,
איך האָב דעם זיידן אייביגקייט געשוואָרן.
געזען אין האָריזאָנט שיפן קומען, שווינדן,
געפילט אין מיר אַ ווייטע וועלט זיך צינדן,
געלאָפן הין און הער, פון ים צום בוים,
געוואָרן מיר איז ענג דער פעלזנרוים —
און דאָ האָט אייך געבראַכט אַ רויטער זונפאַרגאַנג,
און כ'האָב געוואוסט נאָך וואָס איז מיין פאַרלאַנג, —
דיין מאַנטל! עס וועט מיר ווידער קיל.

## שווישפּילער

(טוליעט זי איין אין זיין מאַנטל. שטעלט זיך אויף)

אַזוי, נעפּטונאַ, איז דאָס לעבנסשפּיל.
אין מוטערוויי אַנטפּלעקט זיך דיר די וועלט,
אין פלאַמען גייט דיר אויף אַ נייע ליכט,
דאַן הערסטו רופן די ווייטע שטים פון פליכט,
און ענג ווערט דיר דער שפּאַן פון דיין געצעלט.
עס איז דער וואַנדל, וואָס דיך לאָקט און רופט
צו יענעם וועג פון פאַרפּיומירטן דופט.
דו גייסט מיט אָפן-צוגעמאַכטע אויגן,
פון טויזנט ליכטער צוגעצויגן,
ווערסט ניט פון זיך, נאָר פון ד י י ן ר אָ ל געטראָגן,
און ווען דו ווילסט זיך אַליין דעריאָגן,
ביסטו שוין ווייט, גאָר ווייט פאַרגאַנגען.
אַזוי דער וואַנדל אויף דער לעבנסבינע,

מיט שטענדיג אָנגעשמינקטער מינע,
אין נעץ פון אייביגע פאַרלאַנגען,
אין ראַשן וועקסל ווי אין קינאָ —
אַך, ווי עס ברענט נאָך זיך דיין באַנגען! —
טאַלענט, טאַלענט איז דאָס, וואָס ציילט!
דיין וואָגן ווערט פון טאַלענט געאוילט.
דערנאָך קומט מאַסע, שפּאַנט דיר אויס די פערד,
און זע, דיין וואָגן שוועבט שוין איבער ערד,
אין ווייטע הימלען, צו ברייטע ספערן,
און אונטן מוז דער רוף נאָך דיר זיך מערן,
אַפילויז אַלץ שטאַרקער, שטאַרקער שאַלן —
און ווייטער שוועבסטו איבער וואַסערפאַלן!

## נעפּטונאַ

(שטעלט זיך אויף)

וואוהין דער וועג?

## שווישפּילער

עך איז ניט ווייט.
אין גאַנג פאַרשטויבט ווערט רוים און צייט.
צווישן פעלז און טאָל ליגט דאָ אַ פאַרביג רייך,
נעפּטונאַ, אַהין פיר איך דיך גלייך!

## נעפּטונאַ

איך גיי. און ווער וועט היטן מיינע טריט?

## שווישפּילער

דאָס בלוט אין דיר, וואָס נאָך פאַרפיומען גליט.

(גייען אַפּ געאָרעמט נאָך לינקס)

דאָס אַנטוישטע מיידל קומט אָן אין באַגלייט פון דאָקטאָר קריטיקוס. זיי בלייבן שטיין ביים בוים רעכטס.

### דאָקטאָר קריטיקוס

עס איז דיין יאוש נים באַרעכטיגט, קינד.
דו ביסט אין לעבן אַביסל צו געשווינד
געגאַנגען און דער אָטעם האָט דיר אָפּגענומען.
געווים, אַ מיידלם וועג איז נים מיט בלומען
באַשאָטן אַלע מאָל. עס וואַקסן דערנער
דאָ-דאָרט יעדן איינעם אין זיין גאַנג;
מען ווערט געביסן אויך פון אַ שטילער שלאַנג,
געשטאָכן פון אימאַזשענערע הערנער.
עס איז פאַנטאַזיע, וואָס אונז פירט,
און די ערפילונג, וואָס שאָקירט.

### אַנטוישטע מיידל

פאַנטאַזיע איז אַלץ, וואָס איך געהאַט.

### דאָקטאָר קריטיקוס

נו, האָט עס טאַקע דיר פאַרשאַט,
ווען ס'איז געקומען די ערפילונג
מיט גראָבע שטיוול איבער דיר;
דו האָסט דערליטן אַ פאַרקילונג
אויפן ערשטן נאַכטשפּאַציר.
דו ביסט געוועזן אומדערפאַרן
אין דיינע טריט צום נאָענטן גליק;
עס וועט אין אונזער רייך פון נאַרן
קורירן דיך מיין קונסטקריטיק.
איך וועל אַ נייעם חלום דיר שוין געבן.

### אַנטוישטע מיידל

אַ חלום איז אַלץ, וואָס איך דאַרף אין לעבן.
נאָר לויטער ריין און נים פון פעך.

## דאָקטאָר קריטיקוס

איך קאָן נאָך געבן פעדערשטעך,
אַז שלאַנג און דאָרן זאָלן פילן מיין ביס,
אַ וועלט אַ גאַנצע זאָל ליגן צו מיינע פיס!
דו זעסט, אַז וואו מען בויט אַ נייעם בנין,
דין איך אַלס זייל און פונדאַמענט;
דער לץ אפילו האָט מיין קראַפט דערקענט
און מיר געגעבן אַ קבלת-קנין
צו טראָגן דיך מיט זיין נאַרנבונד.
וועל איך דיך טראָגן איבער פעלז און בריק
צום גרויסן רום און הימלגליק;
געהיילט וועט זיין דיין יאוש-וואונד.
איך מאַך דיך פאַר אַ פאַטי, אַ בערנאַר
אין אונזער גרויסן רייך פון נאַר!

## אַנטוישטע מיידל

(מונטער)

איך האָב די בינע קיינמאָל ניט באַטראַכטן,
געשראָקן האָבן מיך די ליכטער פיל.
ע'ס מוז רייצענד זיין דאָס בינע-שפיל.

## דאָקטאָר קריטיקוס

דאָס בלוט אין דיר ווערט היים געזאָטן,
ווען ס'צינדט זיך אָן דאָס ראַמפנליכט,
דו קריגסט אין נו אַ קונסטגעזיכט.
דו שפּילסט, דו זינגסט, ווערסט רעקלאַמירט —
און ווייטער גייט עס ווי געשמירט.
דאָס וועל איך שוין געניו באַשרייבן.
איצט לאָמיר גיין דאָרט שוואַמען קלייבן!

(נעמט זי אָן ביי דער האַנט)

### אַנטווישטע מיידל

איז ניט געפערלעך דאָ דער וועג?

### דאָקטאָר קריטיקוס

עס ליגט געפאַר ביי יעדן ברעג.
נאָר ס'קאָן אַמאָל פּאַסירן,
אַז אונז דער וועג זאָל פירן
פון פעלז דאָ גלייך אַראָפּ
צו שווימלעך אַ גאַנצן טאָפּ.

(גייען ביידע אָפּ נאָך לינקס)

עס קומט אָן פּ אָ מ פּ אַ ד ו ר, געהילט אין נאַכטמאַנטל. נ ע ג ע ר גייט איר נאָך מיט אַ דעקע אויף זיין אָרעם. זי שטעלט זיך אָפּ ביים בוים רעכטס, באַטראַכט דאָס גראָז, דאַן ביים בוים לינקס.

### פּאָמפּאַדור

שלאָפלאָז זיינען די אונטערטאַנען
און אויך פון ליבע די פּרינצעסין;
אַ ליבעס-פּאָר איז דאָרט געשטאַנען
און דאָ איז אויך אַ פּאָר געזעסן;
אַמאָר פּאָרט שנעל אויף זיינע באַנען
און האָט אָן פעלז אויך ניט פאַרגעסן.

### נעגער

זאָל איך פּרינצעסין דאָ באַדינען?

### פּאָמפּאַדור

עס איז נאָך ווייט ביז דעם באַגינען
און שוין באַזאָרגט איז נאַרנבונד:
אַוועק איז הויפנאַר צום טורמשפּיץ
זיך אָפּצוקילן פון דער היץ;

צו זאָרגן האָט ער גראָד פיל גרונט.
ער לאַכט און לאַכט און ווערט ניט מיד,
מיט אים אויך ניט דער גאָלדזאַק־איד,
די נאַרנסוויטע איז אים געטריי,
זי האָגלט שפּאָט אַזוי ווי בליי.
נאָר טאָל נאָך אַלץ ניט ליגט צעשמעטערט,
דער נאַר ווערט אַלץ נאָך ניט פאַרגעטערט,
און זיין געליבטע איז פון לאַכן זאַט,
עס בענקט זיך איר נאָך אַ נייער טאַט —
קאָנסטו, מיין דינער, די טאַט באַווייזן?

## נעגער

(די אויגן בליצן אויף)

זאָג וואָס צו טאָן. איך קאָן ברעכן אייזן!

## פּאָמפּאַדור

(שמייכלט אים צו)

מען קאָן עס זען גאַנץ גוט אויף דיר,
דו היטער פון מיין נאַרנטיר.

## נעגער

די הייסע זון האָט מיך שוואַרץ געבראָטן,
די בלוטן פלאַמיג אין מיר געזאָטן,
איך קום פון אַפריקאַנעם דזשאַנגל,
געוואָרן סעם איז מיר אַן אָנקל,
מען טרייבט מיך דאָ, מען דולדעט דאָרט,
באַשטימט איז ניט דעם שוואַרצנס אָרט.
צו דינען ווייס איז מיין באַגער.
פאַר דיר, פרינצעסין, איז מיר קיין זאַך שווער —
זאָל איך די דעקע דאָ אויסשפּרייטן?

## פּאָמפּאַדור

דו וועסט מיך ווייטער שוין באַגלייטן!

(זי גייט אָפּ נאָך לינקס. דער נעגער ביי דער זייט)

דער פילאָזאָף קומט אָן, אַ טעלעסקאָפּ אין האַנט. ער שטעלט אים אָן צום הימל און קוקט אין דעם אַריין. גאָלדזאַק ערשיינט. זיין זאַקבויך אין קענטיגער אָפּצערונג.

## גאָלדזאַק

וואָס זעסטו דאָרט אין הימלרייך?

## פילאָזאָף

איך האָב אַנטדעקט אַ נייעם טייך
אויף דער לבנה. אייזבערג שווימען
אויף אים אַרום. איך זע נפשות זיצן
אויפן רוקן. און אויב מיין חשבון וועט נאָר שטימען,
וועלן היינט מיר האָבן דונער־בליצן.

(נעמט אַרוים דעם קאָפּ פון טעלעסקאָפּ)

נאָר ווי? דער איד קאָן אויך ניט שלאָפן?

## גאָלדזאַק

דאָס קאָן איך, פריינט, שוין ניט פון לאַנג.

## פילאָזאָף

דו ווייסט, אַז זייט איך האָב דיך דאָ געטראָפן,
טוסטו מיר, איד, באמת באַנג.

## גאָלדזאַק

אויך איך אויף דיר האָב שטאַרק רחמנות,
איך שווער עס דיר ביי מיין זאַק נאמנות,
וואָס איז שוין טאַקע אויך באַלד לער.
אַ שאָד, וואָס כ'האָב ניט מער קיין טרער.

געוועז דער גרויסער דענקער, אַסטראָלאָג,
אַדורכגעבליקט אַלע הימלספערן,
אַ וועלט באַצוואונגען מיט זיינע לערן,
געהאַט אין מוח אַלע שטערן,
נאָר ניט געזען דאָס ליכט פון טאָג!

## פילאָזאָף

דאָס דענקען גייט דורך טונקעלע אַלייען,
אין דעם די קראַפט פון אונזערע אידייען;
אין נעבל דענקט דער מענטש זיך אויס,
אין טונקל ווערט אידייע גרויס.

## גאָלדזאַק

דו האָסט געפּרעדיגט, דאַכט זיך, קלאָרע שויבן.

## פילאָזאָף

אין פּאָליטיק. כדי ניט באַרויבן
זאָל מענטש דעם מענטש. דאָס ציל פון לעבן
דאַרף זיין צו קלאָרקייט שטרעבן.
אָבער אין דענקען און סיסטעם
האָט די אידייע נאָר צו זאָגן.
און ווייל פון אידייע נאָר געטראָגן,
איז דענקען שטענדיג אין טיפן קלעם. —
אין טאָל דער מענטש געוואָלט האָט אַנדערש זיין,
ליגט חכם-טאָל אין שווערן פּיין.
ער האָט זיין קלוגע וועלט פאַרטראַכט
אין צו העלפאַרביגן קאָליר —
דעם ריינעם דענקען איז פרעמד אַזאַ מאַניר.
דערפאַר ווערט טאָל פון נאַר פאַרלאַכט.

הויפּנאַר

(קומט אָן)

וואָס טוען דאָ צוויי נאַרן אין מיטן פון דער נאַכט?

פילאָזאָף

איך האָב שפּאַצירט אַביסל דורך דעם אוניווערז.

הויפּנאַר

געפינסטו ניט, אַז ער ווערט פערוועדז? —
האָסטו געזען דאָרט־וואו מיין פּאָמפּאַדור?

פילאָזאָף

איך גלויב זי נעמט איבערן פּעלז אַ טור,
פון נעגער־דינער אין באַגלייט.

הויפּנאַר

(צו זיך)

כאָטש נעם און האַלט זי אויף אַ קייט!

(ער קוקט אַריין אין טעלעסקאָפּ)

האָסטו דעם אַפּאַראַט נאָר ריכטיג אָנגעשטעלט?

פילאָזאָף

האָב בלויז איינמאָל מיין ציל פאַרפעלט,
און דאָס געווען אין עקסנלאַנד.

הויפּנאַר

(מיט די אויגן אין טעלעסקאָפּ)

מיר דאַכט, איך זע אויף דער לבנה
אַ ליבעספּאָרל מיט כונה
אַרומשפּאַצירן האַנט־אין־האַנט —

(אַ ווענד דעם קאָפּ צום גאָלדזאַק)

ביסטו, מיין איד, אויף דער לבנה געווען?

### גאָלדזאַק

אָ, יאָ. עס איז אין דעם אַ לאַנגע צייט.
געהאַנדלט דאָרט מיט גאָלד און טייוולשקויט.
די לבנה געווען אין רעכטן ברען.
גאָר אום צו מאַכן אַן איבערבייט,
— ביז איך אויף דר׳ערד אַרונטער
זייט דאַן די ערד געוואָרן צונטער
און די לבנה אָפּגעקילט.

### הויפּנאַר

דער נאַר האָט עס גאָר שנעל דערפּילט.

(צו זיך)

אָט די פאַרדאַמטע קרעאַטור!

ד ע ר ו ו ע כ ט ע ר קומט אָן. דערשראָקן איז זיין בליק. זוכט.

### הויפּנאַר

און וועמען איז דער וועכטער אויף דער שפּור?

### וועכטער

נעפּטונאַ איז פון טורם אַוועק.

### הויפּנאַר

ניט זיי, מיין וועכטער, אַזוי אין שרעק.
אין נאַרנבונד גייט מען ניט פאַרלאָרן.

### וועכטער

דער טורם צום בונד האָט ניט געשוואָרן.

(גייט ווייטער. רופט)

נעפּטונאַ! נעפּטונאַ! וואו ביסטו, מיין קינד?

הויפנאַר

כאַ־כאַ! דו זעער! אַהין גייט מען געשווינד!

פּילאָזאָף און גאָלדזאַק

(שטומען)

הויפנאַר

וואָס לאַכט איר ניט, איר בויער פון נאַרנוועלט?!

פּילאָזאָף

צום לאַכן איצט דער אַפּעטיט מיר פעלט.

גאָלדזאַק

(שטעקט די האַנט אין זאַק)

מוז איך פאַר דעם אויך צאָלן מיט מיין געלט? — —

בילד צווײ

# צווישן פעלז און טאָל

לבנה-ליכט. אַ ווילד פאַרלאָזענער ווינקל. די הײם פון חיות און רעפּטילן. פעלזנשפּיצן הײבן זיך נאָך רעכטס און אין הינטערגרונט. לינקס דער וועג צום טאָל. מענטשגעשטאַלט זיצט אויף אַ שטײן, האַלב פאַרשטעלט פון ווילדן גראָז. ער שפּילט אויף אַ פלײט. שלאַנגען און עקדישן אַרום זײַנע פיס.

## מענטשגעשטאַלט

פון טאָל פאַרטריבן זיץ איך דאָ און שפּיל,
בלאָז אויס מײַן זעלע פאַר דעם אומעט פון די שלאַנגען.
זײ האָבן אויער פאַר דײַנע פלײטנקלאַנגען,
פאַר מענטשמוזיק זײער טיף געפיל.
איך האָב אַ וועלט מיט מײַן מוזיק באַצוואונגען,
דעם ים מיט מײַן אַקאָרד געשטילט,
עס האָט מײַן ליד איבער בערג און טאָל געקלונגען —
נו, האָט דער טאָל מײַן פלײטנבלוט געקילט.
אין שלאַנגענרײַך מוז איך מײַן ווײ אויסשפּילן,
און קוקן ווי געדרײט עס ליגן די רעפּטילן
אַזוי פרײדיק-דאַנקבאַר צו מײַנע וואונדנפיס
און לעקן מיר דעם שטויב, קושן מײַנע טריט, —
דאָס בלוט אין מײַנע אָדערן פײַעריגער בריט,
און שטאַרקער ווער איך פון יעדן שלאַנגענביס.
איצט ווײס איך ניט, צי זאָל איך גײן אין טאָל צוריק,
אָדער צום פעלז אַלײן ריכטן מײַן מוזיק?

(שפּילט אויף זײַן פלײט)

ש ו י ש פ י ל ע ר און נ ע פ ט ו נ אַ קומען אָן אויף אַ פעלזנ־שפּיץ. זי שפּרינגט לײכט איבער קלײנע טיפּן. ער האַלט זי אָן. זײ בלײבן שטײן ביים ברעג און קוקן אַרונטער.

## נעפּטונאַ

(האָרכט)

איך הער דאָ װײַטע פליטנקלאַנגען —

## שװישפּילער

נעפּטונאַ מײַנע, אַלע דײַנע פאַרלאַנגען
װעל איך דערפילן. דו גײסט מיט מיר אין יענער װײַט,
װאו אַלץ איז שפּיל און איבערבײַט.

## נעפּטונאַ

און הער איך ניט דאָס צישן אויך פון שלאַנגען?

## שװישפּילער

דאָס איז צום רום נאָך אײן קולים,
און ניט געפערלעך איז דער שלאַנגענגבים.

(פאַרשװינדן)

אַ נ ט ו י ש ט ע מ י י ד ל און ד ר. ק ר י ט י ק ו ס קומען אָן. זײ בלײבן שטײן געאָרעמט אויף אַ פעלז.

## אַנטױשטע מײדל

מיך שרעקט דאָס האַרץ. דער װעג דאָ שטאַרק משופּע.

## דאָקטאָר קריטיקוס

און דאָרטן זע איך שװאָמען נאָך אַ קופּע.

## אַנטױשטע מײדל

אָ, זע! ליגט דאָרטן ניט אַ קראָקאָדיל?!

### דאָקטאָר קריטיקוס

האָב אָט די חיה געמאַכט שוין איינמאָל שטיל.
ער האָט אַמאָל פאַרגאָסן טרערן ביי אַ שפּיל,
וואָס איז געווען גאָר צום לאַכן,
האָט ער געכאַפּט פון מיר אַ בריק
אין אַ פאַרטרעפלעכער קריטיק,
אַז רוקנביין האָט אים גענומען קראַכן.

### אַנטוישטע מיידל

וואָס הער איך פאַר אַ טענער דאָ זיך גיסן?

### דאָקטאָר קריטיקוס

באַקאַנטע מוזיק. קען אויך די געשטאַלט,
וואָס שפּילט דאָרט איצט פאַר די חיות פון וואַלד;
זיין שפּילן לאַנג האָב איך אַראָפּגעריסן.
(גייען אָפּ)

פּ אָ מ פּ אַ ד ו ר און נ ע ג ע ר דערשיינען אויף אַ שפּיץ פעלז.

### פּאָמפּאַדור

דאָ שטייען מיר פאַר דעם רייך פון די רעפּטילן.

### נעגער

איך קאָן זיי אַלעמען איינשטילן,
ווען דו באַפעלסט, פּרינצעסין!

### פּאָמפּאַדור

איך האָב אַליין נאָך ניט פאַרגעסן
צו צאַמען חיות. נאָך שאַלן
אין מיין אויער זייער ברומען. ס'איז בלויז אַ שפּיל.
נאָר צאַמען שווערער פון זיי אַלן

איז דיך, מיין שוואַרצינקער רעפּטיל.

(גייען אָפּ)

עס דערטראָגט זיך ווייטער מאָטאָר־רויש פון יאַן עראָפּלאַן. מ ש י ח (ליכטשטראַל איבערן קאָפּ) קומט אָן פון לינקס פירנדיג ביי דער האַנט דעם א י י ז ל. דער פלייטנקלאַנג איז קוים הערבאַר.

## משיח

געלאַנדעט האָט ער אונז אויף אַ ווילדן אָרט,
די ג ר ע נ י ץ דאַרף עס זיין צווישן פעלז און טאָל.
דערהויב דיין שטים! אפשר וועט אַ ווידערקול
פון פעלז אָפּקלינגען צו דיין אייזלוואָרט.

## אייזל

צו שרייען האָב איך ניט קיין כח מער,
און ווענגיגער פון אַלץ האָב איך נאָך לוסט.
שריי דו, אויב ש ר י י ע ן איז דיין באַגער,
און גאַנץ איז נאָך דיין גאולה־ברוסט.

## משיח

דער וועג באַדעקט מיט עקדישן און שלאַנגען,
און דאָ־דאָרט קוקט אַרוים אַ חיה רעה;
דעם פעלז דאַרף מוזן מיר שנעל דערלאַנגען,
ווייל קורץ קאָן ווערן פון דערלייז די שעה.

## אייזל

וואָס איילסטו זיך, משיח, מיט דיין גאַנג?
לאָמיר באַטראַכטן פריער אָט די שלאַנג,
וואָס ליגט צו אונזערע פיס אין טיפן צער,
זי האָט אַמאָל אַ בשורה אין אונזער וועג צום נאַר?

## שלאַנג

(שטעקט אַרויס פון די גראָזן אַ ריזיגן קאָפּ)

איך קום פון ליכטיגן גן עדן,
פון וואַנען גאָט געטאָן איך שיידן
צו ברענגען גאולה אויף דער וועלט.
די גאולה אָבער קאָן ניט קומען,
ווייל ס'האָט דער אייזל צו זיין גומען
די פרי צולייגן פאַרפעלט.
צו וואָס האָט עץ הדעת געוואַרט,
אין וואַרטן געוואָרן איינגעדאַרט,
ווען ניט אין טאָג פון וועלטבאַפריי
זאָל אייזל געניסן פון דער פרי
און די פאַרפוילטע יאָדרעס גאָר אָן מורא
אין טיפן חלל געבן אַ שפיי ?! —
איך האָב דעם עפּל אָפּגעבראָכן,
די גאולה-טריט איך נאָכגעקראָכן;
איצט ליגט ער, אייזל, דאָ ביי דיינע פיס,
שנעל בויג זיך צו און גיב אַ ביס!

## אייזל

(דערזעט דעם עפּל אויף דער ערד)

ווי לאַנג האָב איך געהאַלטן דעם קאָפּ צו דיר געבויגן!
געקוקט, געלעכצט, געציטערט אין מיין טיפן גלויבן.
געטריקנט האָט מיין גומען, געקאָרטשעט זיך מיין מאָגן,
און ער, משיח, אַלץ געהאַלטן מיר אין זאָגן:
„די פרי וועסטו זיכער מעגן עסן
אין טאָג פון גאולה." — נו, האָבן מיר פאַרגעסן
אין אונזער איילן אויף אונזער גאולה-וועג.
עס קומט פון איילן זיך קיין גוטס קיינמאָל אַרויס,

האָב איך גע׳טענה׳ט. און ער: פאַרוים! פאַרוים!
גיב אים מיין רוקן און ניט פרעג!
ווער קאָן נאָכהאַלטן משיח אין זיין אימפעט,
ווען אַ וועלט מיט גאולה ליגט אין קימפעט?! —
איך דאַנק דיר, שלאַנג, וואָס דו האָסט אין זינען מיך געהאַט;
איך עס דעם עפל אויף. אפשר ווער איך איינמאָל זאַט.

## משיח

(פאַרשטעלט דעם אייזל דעם וועג צום עפל)

צו גרויס איז אויסגעוואקסן ביי דיר דער אַפעטיט.
ס׳האָט פעלז נאָך ניט דערהערט אונזער גאולה-טריט,
און שוין ווילסטו פאַרזוכן פון אָט דער פרי,
וואָס כ׳האָב אין מיינע קייטן אָפּגעהיט?!
אין אים, מיין אייזל, ליגט ד ע ר ס ו ד פ ו ן מ ע נ ט ש
א ו ן ת ו ר ה.
ווי לאַנג אַ וועזן געפינט זיך אויף דער וועלט,
וואָס ווערט פון צער און בענקען נאָך געקוועלט,
איז גאולה לאַנג נאָך ניט געקומען —
און ווייט מוז בלייבן עפל פון דיין גומען!

(בויגט זיך איין און הויבט אויף די פרי)

איך נעם די פרי אויף אונזער שליחות מיט.
און איצט צום נאַרנפעלז ווייטער מיך געטראָגן!
און ווען די חכמה דאָרט וועט האָבן זיך צעבליט,
גיב איך אים איבער צו דיין זולל-מאָגן.

(משיח באַהאַלט דעם עפל אין זיין בגד. זיי גייען ווייטער.
דער פלייטנקלאַנג ווערט שטאַרקער)

## משיח

פון וואַנען קומען אַזעלכע זיסע טענער?

**אייזל**

כאָטש אויף מוזיק בין איך אַ קנאַפּער קענער,
מוז איך דיר זאָגן, מיין שטרענגער געביטער,
אַז אין מיין האַרץ דערוועקן זיי אַ ציטער.

**משיח**

(דערזעט מענטשגעשטאַלט)

ווער זיצט עס דאָרט אויף יענעם שטיין?
האָט זיין מוזיק פאַר אונז אַ מיין?

**אייזל**

איך פיל די מתיקות אין יעדן ביין.

(משיח און אייזל קומען צו)

**משיח**

נעם, אומבאַקאַנטער, צו מיין גרוס.

**מענטשגעשטאַלט**

וואוהין צילט דעם וואַנדערער׳ס וואונדיגע פוס?

**משיח**

האָט מיך אַ שלאַנג דען דאָ געביסן?

**מענטשגעשטאַלט**

די קליידער זיינען ביי דיר צעריסן,
די וואונדן שפילן זיך אויף דיין לייב.

**משיח**

דאָס זיינען געווים די אַלטע וואונדן
נאָך פון די שווערע עדן-שטונדן,

ווען כ׳בין געזעסן צום עץ געקייט,
פון גאָט געוואָרט אויף רוף, באַשייד. —
נאָר זאָג מיר, שפּילסטו אין צייטפאַרטרייב,
צי ווילסטו לאָזן מיר וואָס העירן?

## מענטשגעשטאַלט

האָב דורכגעמאַכט אַ וועג אַ שווערן.
דאָס האָט גענומען מיליאָנען יאָר.
איך האָב געבלאָנדזשעט און געוואַנדעלט,
מיט נשמה אַרומגעהאַנדעלט —
מיין ציל געווען מיר ניט גאָר קלאָר.
איך האָב געהאַט שוין פיל דערפאַרונג,
געליטן פון שלשול און פאַרשפאַרונג,
נאָר קיינמאָל זיכער וואָס איז מיין נאַרונג
האָב איך באַשטימט דאָך ניט געוואוסט.
איך האָב דער וועלט געגעבן פריידן,
נאָר אָפט אויך יאוש, טיפעליידן,
און אַלץ געגאַנגען דורך מיין ברוסט.
מען האָט געלויבט מיך און געשאָלטן,
וואו מיין מוזיק האָט יאָ און ניט געגאָלטן,
דאָ האָט מען מיך צו זיך געבעטן,
און דאָרטן ווייטער פון זיך געטריבן,
האָב איך מיט איינעם אַ בונד געשריבן,
אַ צווייטער האָט מיך קראַנק געטרעטן.

צווישן פעלז און טאָל געוואָלט לאַנסירן,
האָבן שווער געפאַנצערטע געהירן
פון טאָל אינגאַנצן מיך פאַריאָגט,
די ביקסן, ווענט שרעננ אָנגעזאָגט,
דעם וועג מיר צו פאַרשפאַרן —

איך מוז זיך האַלטן מיט די נאַרן! —
יאָ, פּעלז געבליבן איז מיר טריי;
נאָר אים האָב איך דאָך סיי ווי סיי.
מוז איך נאָך זוכן וואָס מיר פעלט
אויף אונזער ברענענדיגער וועלט. —
אַזוי געשליידערט און געפּלאָגט,
אַוואו גענעכטיגט, ניט געטאָגט,
נאָך לאַנגן וואַנדל, זוכן, שטרייט
זיץ איך נאָך אַלץ אין מיטן וועג
אויף מיין רעפּטילנשטעג
ווי אין אוראַלטער צייט.

## משיח

ווער ביסטו? זע איך צום ערשטן מאָל דיין פּנים?

## מענטשגעשטאַלט

כ׳בין מענטשגעשטאַלט. אין טאָל ביי מיינע שונאים
האָסטו מיך זען געוויס ניט געקענט;
זיי האָבן מיינע טריט פאַרברענט.
דו קאָנסט דאָרט זען מיינע שפּורן
נאָך אפשר ביי די גאַסנהורן,
וואָס האָבן ס׳לייב אַוועקגעגעבן
צו אַ געפאַרבטן, ברודיג לעבן
און פון נשמה דעם לעצטן פונק
נאָך ניט פאַר׳שכור׳ט אין רויטן טרונק.

## משיח

אויפ׳ן וועג אַהין האָב איך אין תפיסה
אַ פאַר׳משפּט׳ן צו מיתה
געזען. געהאַט האָט ער פון דיין געשטאַלט.

## מענטשגעשטאַלט

נו, יענער ליגט געווים שוין קאַלט,
כאָטש איך בין נאָך ביים לעבן.
דאָס איז מיין קראַפט, וואָס איך קאָן שוועבן
דורך אַלע שליסל-לעכער,
פון אַלע טויטן העכער,
אַ נייעם חלום ווייטער וועבן,
פאַרגעסן זיך אין מיין מוזיק.

## משיח

אַצינד גיי איך פון טאָל צוריק.
איך דאַרף וואָס נויטיגס צום נאַרנבונד.

## מענטשגעשטאַלט

דיין ציל געווים האָט אַ באַשטימטן גרונד.
נאָר אויב דו דאַרפסט זיך ניט שטאַרק איילן,
קאָנסטו מיט מיר דאָ נאָך פאַרווײלן.
גאָסטפריינדליך איז דאָס שלאַנגענלאַנד
צו יעדן, וואָס קומט פון טאָל אַרויס.

## משיח

בין דאָרט געוועזן מיט אַ שליחות בלויז.
און מוז דיר זאָגן, צו מיין שאַנד,
אַז נאָך טראָג איך זי דאָ מיט זיך.

## אייזל

ס'איז אַלץ דערפאַר, וואָס ער לויפט צו גיך.
ער וויל דאָס ניט פאַרשטיין.

### מענטשגעשטאַלט

ווער ביסטו, גאַסט ?

און זאָג, ווי שווער איז דען דיין לאַסט ?

### משיח

איך בין משיח, געשיקט פון גאָט
באַפרייען איד און קריסט און האָטענטאָט.
נאָר אַלע מוזן זיין דורכדרונגען
פון טיפער חכמה. — דאָס איז געלונגען
דעם גרויסן טאָל דאָ אונטן ;
זיי האָבן אַלע איין שכל איין געזונטן.
האָט אָבער פעלז זיך איינגעשפאַרט
און וויל באַין אופן קלוג ניט ווערן —
ווער איך מיט גאולה איינגעדאַרט
אויף אָט דעם וועג דעם שווערן.
מיין אייזל בלויז ווערט אַלץ פעטער
און שרייט צו מיר: „שפעטער! שפעטער!"
און איך אַ רגע קאָן ניט האַרן.
איך מוז, מיין פריינט, די ווילדע נאַרן
אויך צו דער גאולה מאַכן גרייט.

### מענטשגעשטאַלט

זיי זיינען דאָרטן צו געשייט
די קלוגע גאולה אָנצונעמען.

### משיח

וועט נאַר משיח פאַר אַ וועלט פאַרשעמען ?!
איך וויים, האַרטנעקיג איז דער שטיין.
נאָר ווען געהייסן האָט גאָט מיך גיין
מיט אָט דער שליחות צו די מענטשנקינדער,

בין איך געגאַנגען, ניט קיין בלינדער,
געפירט פון אייזל און גאָט׳ס ליכט,
וואָס ביידע זע׳ איך אין דיין אַנגעזיכט.
וויל מענטשגעשטאַלט מיר אויך דעם וועג באַשווערן,
ווען גאָט די גאולה האָט געטאָן באַשערן?!

## מענטשגעשטאַלט

דעם גאולה־וועג האָב איך אַליין געזוכט,
דערלייז פאַר מיין נשמה־קוואַל געגאַרט;
און גאולה האָט מיך ניט איינמאָל גענאַרט.
געגעסן האָב איך שוין די פרוכט
פון אַלע גאולות אויף דער וועלט,
אפילו אויך די לעצטע אין דער טיף;
ניט איך דער גאולה, נאָר זי מיר האָט
וועג פאַרשטעלט.
האָב איך מיט איר געטאָן אַ שטיף,
אַרויסגעשפרונגען פון איר קייט,
געראַטעוועט מיין פלייט —
שפּיל איך מיר אוים דאָ מיין מעלאָדיע,
וואָס איז אויף מיר אַליין בלויז אַ פּאַראָדיע;
דער הויכער פעלז שענקט מיר געהער,
דער קראָקאָדיל — זיין טרער.

## משיח

איך זע, דו ביסט, מיין פריינט, פאַרביטערט.
צווישן פעלז און טאָל אַ לעבן צעשפּליטערט;
געווים איז דיר ניט צו פאַרדענקען.
נאָר גאָט וויל דאָך די גאולה שענקען
צו יעדן וועזן אויף דער ערד,

וואָס האָט דעם חכמה־רוף דערהערט.
דו מוזט דיין יאוש פון זיך פאַרטרייבן,
אויב אייביג ווילסטו אַ נאַר ניט בלייבן —
איך רייד צו דיר מיט גאָט זיין ווילן.

## מענטשגעשטאַלט

מען קאָן אַ ים מיט אַ וואָרט ניט איינשטילן.
איך קען דאָס וואָרט. וויים זיין באַטייט.
ע ר א י ז א ו י ס ע ר ר ו י ם א ו ן א ו י ס ע ר
צ י י ט.

ווען חכמה־וואָרט האָט דיך אַלס טרעגער,
וועט מענטשגעשטאַלט פאַרבלייבן קלענער.

(ער שפּילט אויף זיין פלייט)

## משיח

(צום אייזל)

דו זעסט, מיין אייזל, דער וועג ווערט שווערער,
די געגנוווינטן אַלץ מער און מערער.
נאָר כ׳מוז מיין שליחות דאָך דורכפירן,
ווען כ׳וויים צעברעכן ווענט און טירן!
איך מוז דעם פעלז געווינען —
איך פיל, איך גיי פון זינען!

## אייזל

איך האָב געזאָגט דיר וויפיל מאָל
אויפן וועג אַהין און צוריק פון טאָל,
אַז איבער גאולה האָרף מען שלאָס ניט ברעכן
און אָן פעלזנשטיינער דאָס לייב צעשטעכן.

## משיח

האָב שוין געהערט דיינע פוילע רייד,
זיי קומען פון דיין זאַטן בויך.
איך טראָג די פּרי פֿאַר דיר אין קלייד,
דאָס מיינט דערלייז קומט פֿאַר דיר נאָך אויך.
(זעצט זיך אויפן אייזל)
נו, טראָג מיך ווייטער! טראָג מיך, טראָג!
עס טרייבט די פּלייט מיך מיט איר קלאָג.

בילד דריי

# נאַרנלאַגער אויפן פעלז

שפעטער פאַרנאַכט. לינקס אַ קליינע בינע מיט צוויי שטולן — דער טראָן, אויף וועלכן עס זיצן ה ו י פ נ אַ ר און פּ אָ מ פּ אַ ד ו ר. ביי דער רעכטער זיין פון הויפנאַר שטייט דער ק ע נ י ג און שפּילט זיך נאַכלעסיג מיט דער פּופּע. צו די פיס פון פּאָמפּאַדור זיצט נ ע ג ע ר און שפּילט זיך מיט אַ שלאַנג, וועמעס קאָפּ פאַלט אָפט אין פּאָמפּאַדור'ס שויס. אין פראָנט פון הויפנאַר שטייט אַ קליין נידעריג טישל, אויף וועלכן ס'ליגט אַ גרויס אָפן בוך — די נאַרנביבעל. דערביי אויף דער ערד שטייט דער גרויסער טינטנפאַס מיט דער פען.

רעכטס, אַביסל טיפלעך, הייגגט אַ גרויסער קעסל איבער אַ פייער, אַרום וועלכן עס זיצט דער ע ר ב ־ ר ב פון נאַרנבונד. צוויי פון זיי זאָרגן דאָס פייער זאָל ברענען, וואַרפן אונטער שטיקלעך האָלץ. ד ע ר ש ט ו ר ־ מ ע ר שטייט איבערן קעסל און מישט אין אים מיט אַ גרויסן קאָכלעפל. ד י ק ע נ י ג י ן זיצט דערביי און שיילט קאַרטאָפל אין אַ טאָפּ. שאַכטל און קאַץ ביי איר זייט. א י נ ע ר כאַפּט די קאַרטאָפל פון איר טאָפּ און וואַרפט זיי אין קעסל. ד אָ ק ט אָ ר ק ר י ט י ק ו ס שטייט נאָענט צום קעסל ווי אַ פאַראינטערעסירטער צוקוקער. ד אָ ס אַ נ ט ו י ש ט ע מ י ד ל לעבן אים, מיט אַ טאָפּ אין האַנט.

אין אַ דערווייטערונג שטייט ד ע ר פ י ל אָ ז אָ ף מיט זיין טע־לעסקאָפּ, וואָס ער האַלט אין אָנשטעלן אַמאָל אין איין ריכטונג, אַמאָל אין אַ צווייטער. דער ג אָ ל ד ז אַ ק זיצט דערביי אויף אַ שטיין און קוקט אַריין אין אַן אַלטן ספר.

אין ווייטן הינטערגרונט דער לאַגער פון געצעלטן, איבער וועלכן עס דערהויבט זיך דער לייכטורם מיט אויסגעלאָשענעם ליכט. ד ע ר ו ו ע כ ־ ט ע ר, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן, שטייט ווי פאַרגליווערט.

## שטורמער

(אין כאָר פון ערב־רב ביים קעסל)

מיש איך קעסל, שטורם וועלט —
וואַרפט אין קעסל וואָס עס פעלט!

### כאָר

קנאַקט דאָס פייער, שטעקן צונגען;
ס'עסן איז נאָך ניט געלונגען.

### קאַרטאָפל - וואַרפער

מער קאַרטאָפל! מער געווירצן!

### כאָר

שטאַרקער, שטאַרקער טאָל צו שטירצן!

### קעניגין

כ'שייל קאַרטאָפל מער און מער,
געגן טאָל מיר קיין זאַך שווער.

### כאָר

זי קאַרטאָפל האָט גוט געשיילט,
שטורמער האָט אין טאָפּ געציילט!
כאַ-כאַ-כאַ! כאַ-כאַ-כאַ!
שטורמער האָט אין טאָפּ געציילט!

### דאָקטאָר קריטיקוס

קאָכן איז אַ גרויסע תורה —

### כאָר

ווער עס קאָכט, האָט ניט קיין מורא.
כאַ-כאַ-כאַ! כאַ-כאַ-כאַ!
ווער עס קאָכט, האָט ניט קיין מורא.

### אַנטוישטע מיידל

(שעמעוודיג)

האָב פאַר איך אַ טעפל שוואָמען —

כאָר

ביזט מיט דעם אונז שטאַרק ווילקאָמען!

איינער

(כאַפּט אוים דעם טאָפּ ביי דער מיידל
און קערט אים איבער אין קעסל)

פול דער קעסל אָנגעשאָטן!

כאָר

שטאַרקער, פייער, הייסער זאָטן!

שטורמער

מישן קעסל! לייגן פייער!

כאָר

נאַרגעקעכץ איז זים און טייער.

קאַרטאָפל-וואַרפער

מער קאַרטאָפל! מער געווירצן!

כאָר

שטאַרקער, הייסער, טאָל צו שטירצן!

סאָלאָ

טאָל פון אונז שוין לאַנג פאַרלאַכט,
האַרץ פון לאַכן אַזש פאַרשמאַכט.

כאָר

קאָכט דאָס קעסל, גייט אַ רויך,
באַלד אָנפילן וועט זיך בויך!

כאַ-כאַ-כאַ ! כע-כע-כע !
באַלד אָנפּילן וועט זיך בויך !

### שטורמער

שיסל, לעפּל צוגעגרייט !

(אַלע גרייט מיט שיסל און לעפּל)

### כאָר

קעסל מאָגן האָט דערפרייט —
כאַ-כאַ-כאַ ! כי-כי-כי !
קעסל מאָגן האָט דערפרייט.

ערב־רב שטעלט זיך אַרום קעסל. דער שטורמער גיסט שנעל פון גרויסן קאָכלעפל יעדן איינעם אין שיסל אַריין. זיי צעזעצן זיך אַרום פייער און עסן. די קעניגין בלייבט זיצן און שיילט קאַרטאָפל ווייטער. הויפנאַר און פּאָמפּאַדור אויף זייער טראָן. ער איז פאַראינטערעסירט מיט אַלץ און אַלעם. זי מער מיט דעם נעגער'ס שלאַנגענשפּיל. קעניג פאַרלירט ניט זיין אינ־טערעס אין דער פּופּע. דעם פילאָזאָף גייט גאָר ניט אָן אַ חוץ זיין טעלע־סקאָפּ. גאָלדזאַק פאַרטיפט אין זיין ספר. דר. קריטיקוס און אַנטווישטע מיידל בלייבן אַלס צושויער. דער וועכטער אין דער פאַרגליווערטקייט.

### קעניגין

גיב, קאַרטאָפל, זיי מער כח !
אָ, ווי שטאַרק דער קעסל-ריח !

(האַלט זיך ביי דער נאָז)

### כאָר

זיס און קרעפטיג נאַרניוויך —
לאַכן גרינגג מיט פולן בויך.
כאַ-כאַ-כאַ ! כאָ-כאָ-כאָ !
לאַכן גרינגג מיט פולן בויך.

### הויפנאַר

(דערהויבט דעם סצעפּטער צום צייכן, אַז ער וויל ריידן)

### קעניג

(רופט)

סילענציום ! עס וויל דער נאַרנקעניג ריידן.

(שטעלט זיך אַן אַ זייט און שפּילט זיך מיט דער פּופּע)

### קעניגין

מיין פּרינץ אַלס קלאָון איז שטאַרק באַשיידן.

### הויפנאַר

איך בין אַנטציקט פון מיינע שיסלעסער,
זיי זיינען וואַך צו מיין באַגער און ווילן ;
ווי נאָר זיי וועלן זייער מאָגן שטילן,
וועט לאַך פון האַלז זיך קייקלען בעסער.
זיי קעמפן בראַוו די היטער פונם קעסל,
געטריי איז אויך די פּרוי דאָרט אויפן זעסל,
וואָס שיילט קאַרטאָפל אין דעם קעסלדאַמף
מיט חכם טאָל אין שווערן קאַמף.
יאָ, גרייט צו לאַכן זיינען נאָך די פּרעסער,
ווי אויך דער שטורם, די שאַכטל און די קאַץ,
פון בונד דער קעניגלעכער פּאַיאַץ,
וואָס אין דער פּופּע געפינט ער זין
ווי אין קאַרטאָפל די בראַווע קעניגין.
נאָך ניט דערשעפּט איז אונזער נאַרנשאַץ
פון שפּאַס און לאַך. דער בונד ווערט גרעסער
מיט יעדן טאָג. עס קומען נייע נאַרן
צו אונז פון אַלע עקן וועלט אין שאַרן.
זיי זיינען גרייט מיט האַלז און שפּאַס
צו שיסן לאַך אַזוי ווי שראָט,
ביז קלוגער טאָל וועט זיין צעקראַכט
און נאַרנגאולה דאָרט געבראַכט.

נאַר פויל געוואָרן איז די גוואַרדיע פון מיין לייב,
פאַרנומען יעדער מיט זיין אייגן צייטפאַרטרייב:
דער איינער פאָרשט נאָך די לבנה,
דער צווייטער בליקט פון פעלז אַראָפּ,
פון ליבע שווינדעלט דאָרט אַ קאָפּ,
נאָך רום לויפט לייכטזין אין גאַלאָפּ —
און נאַרנפעלז איז אין סכנה.
פאַראייניגט מוזן זיין די רייען
פון מיין אַרמיי! נאָך פיל צו זייען
איז אונז פאַרבליבן נאַרנזאָט
אויף אונזער פעלז. די זריעה האָט
נאָך ניט געשלאָגן טיף אין שטיין:
נאָך זוכט דער נאַר אין אַלץ אַ מיין.
עס גייט פיל זאָט נאָך אויפן ווינט,
ניט פריי פון חכמה-גיפט איז נאַרנקינד,
נאָך איז די שלאַנג אויך ניט געטויט,
וואָס חכמה באָרגט זיך אין איר הויט
און שפריצט מיט ו ו י ס ן אין איר רייך
צו מאַכן נאַר מיט חכם גלייך;
נאָך שפּילט זי זיך ביי מיינע פיס,
נאָך שפּירט מיין פעלז איר יעדן ביס. —

מיר האָבן אונזער נאַרנקריג
מיט קלוגן טאָל ניט אויסגעפאָכטן,
נאָך ווערט דער נאַר פון קלוג געשאָכטן,
נאָך שלאָגט דער חכם מיט וויסן צוריק,
נאָך ווערט דער פעלז פון טאָל פאַראַכט,
כאָטש ער פון אונז איז לאַנג פאַרלאַכט.
אויב אונזער בונד האָט נאָר אַ זין,
די נאַרנביבעל אַ באַטייט,

פאַרלירן טאָרן מיר ניט קיין צייט
און גיך באַפרייען דעם מענטשן־מין.
איך רוף אייך אַלען צו מיין ראַט
אויף צו פאַרשרייבן ס'לעצטע בלאַט
אין נאַרבוך פון וועלטבאַפריי.
(מישט אויף אַ בלאַט)
אַט איז דאָס בלאַט נאָך פריש און ניי.
ווער איז צום לעצטן צייכן גרייט?
עס וואַרט אַ וועלט אויף נאַרבאַשייד.
(אַ שווייגן. קיין באַוועגונג).
זאָל פילאָזאָף אַהערצו קומען!
גרייט שטייט פאַר אים דער טינטנפאַס —
געגוג אים טרייבן הימלשפּאַס!

## פילאָזאָף

(פאַרטיפט אין טעלעסקאָפּ)

## קעניג

(רופט)

האָט שטערנזעער דעם רוף פאַרנומען?

## פילאָזאָף

(מיט די אויגן אין אַפּאַראַט)

פלאַנעט! פלאַנעט! כ'האָב דיך אַנטדעקט!
ווי צאַרט דו ביסט, מיין ערשט געבאָרן קינד!
נאָך ביסטו ניט פון מענטש באַפלעקט,
איך זע סיסטעם אין דיר פערפעקט:
ניט קלוג, ניט נאַר, ניט טויב, ניט בלינד, —
אַלץ דרייט זיך ווי אין ווירבלווינט.
(הויבט אַרויס דעם קאָפּ)

אַוועק מיט יענעם פּעסל טינט!
איך שרייב ניט מער.
(באַוועגונג)

### הויפּנאַר

דו רעבעלירסט?!
פאַרשעמט זאָל בלייבן דאָס לעצטע בלאַט,
דו שטערנזעער און אַקראָבאַט?!
(צום קעניג)
וואָס זאָגט איר דעם פון עקס דער פירסט?

### קעניג

אין עקסנלאַנד וואָלט מען עס גרופן
באַליידיגונג זיין מאַיעסטעט.
נאָר ווידערשפּאַן האָט, קענטיג, שטופן.

### הויפּנאַר

אין נאַרנרייך קומט אויך קיין גלעט
פאַר סעפּעראַטע אַספּיראַציעס.
קיין ווידערשטעל און רעזיגנאַציעס!
גענוג שטאָף פאַר אונז נאָך דאָ צו שפּעטן.
נאָך ניט געענדיגט איז דער ספּעקטאַקל,
עס וואַרט אַ בלאַט אויף דעם סך-הכל.
(צום גאָלדזאַק)
אויף אונטערציען די לעצטע שורה
וועט אפשר גאָלדזאַק ווייזן גבורה?
וואָס זיצט ער דאָרט אַזוי פאַרטיפט?

### גאָלדזאַק

(הויבט אַרויס דעם קאָפּ פון ספר)
האָט איד מיט נאַר ניט גענוג געשטיפט?

## הויפּנאַר

עס קאָן דאָס שטיפן ניט זיין פאַרפול
ווי לאַנג אין טאָל שטייט ניט מיין שטול.
עס וואַרט דאָס בלאַט אויך אויף דיין צייכן —
עס טאָר אַ ווערק איבער אַ בלאַט ניט בלייכן.

## גאָלדזאַק

איך האָב אין לעבן ניט איין סך הכל
פאַר מיינע מיטמענטשן אונטערפירט;
צו פירן חשבון האָט קיין וואַקל
מיין אָרם קיינמאָל ניט געשפּירט.
איך וויים געגוי וואָס מענטש איז שולדיג,
איך פיר די ביכער פאַר דער וועלט;
אויף חוב צו וואַרטן בין איך געדולדיג,
איינצוקאַסירן האָב איך ניט פאַרפעלט.
דער אמת: מ'האָט מיך אָפט גענאַרט,
פאַר מאָנען אין תפיסה איינגעשפּאַרט,
געמאַכט מיך צאָלן פרעמדע שולדן,
(אָפט ניט געקלעקט אין זאַק דער גולדן.)
נאָר חשבון האָב איך ניט פאַרלאָרן,
כאָטש פון דאָס ניי מערמאָל געבאָרן.
נאָר מיד, מיין פריינט, בין איך אַצינד,
פון פ י ר ן ח ש ב ו ן בין איך באַלד שוין בלינד;
אויסרוען וויל מיין אויג און האַנט,
פאַרגעסן זיך אין חלום-לאַנד.

## הויפּנאַר

דער תירוץ איז מיר גוט באַקאַנט.
איך קען דיין שלויקייט, ליבער איד.
עס צאַנקט אַ וועלט אין חכמה-בראַנד

און וואַרט אויף לעש פון נאַרנהאַנט,
זינגסטו מיר גאָר אַ נירוואַנאַ־ליד!
עס טאָר דער גאָלדזאַק ניט ווערן מיד,
צי בלינד, צי טויב, קיין אונטערשיד!

### גאָלדזאַק
(מישט אין ספר)

### הויפּנאַר
וואָס האַלטסטו דאָרט אין דיינע הענט?

### גאָלדזאַק
עס איז פון משה דער טעסטאַמענט.
געלעגן איז ער טיף פאַרשטעקט
אין זאַק ביי מיר. מיט גאָלד באַדעקט
האָט ער קיין אויסגאַנג ניט געהאַט.
און אַז דאָס גאָלד האָט אויסגעוועבט,
דאָס אַלטע בוך, זע, האָט אויפגעלעבט.
איך מיש די בלעטער און בין אַנטציקט,
(כאָטש טיילווייז איז ער ביי מיר צעפליקט,)
פאַרשריבן שטייט דאָ אויף יעדן בלאַט
ווי גאָט באַגאַנגען איז אַ נאַרנטאַט.

### הויפּנאַר
געווען די טאַט איז דאָך צו קלוג.
אין שפּיל געקומען איז גיך די שלאַנג,
די וועלט געוואָרען ביים געבורט שוין קראַנק,
און אָנגעפילט מיט מאָרד, באַטרוג.
די נאַרנטאַט, וואָס איך באַגיי,
געבאָרן זיין וועט פון אַן אַנדער איי.

דעם דיכטערסערום טראָגט ער אין שאָל,
אַנטידאַקסין צום קלוגן ווייסן;
פאַרלאַכט מוז ווערן דער חכמה־טאָל,
דאָס קראַנקע קינד, פון שלאַנג געביסן!
דו וואַרף אַוועק די קלוגע ביבעל,
לייג צו די האַנט צום נאַרנבוך —
עס וואַרט דאָס בלאַט אויף אידענשפּרוך.

## גאָלדזאַק

דו מיינסט צו זאָגן — האָב ניט פאַריבל! —
אויף אידענגאָלד. האָב דיר שוין אָפּגעגעבן.
אַלץ וואָס פאַרבליבן איז אַ שטרעבן
צום ווייטן חלום, צום ווייטן לאַנד.

## הויפנאַר

עס זאָל מיין ווערק ניט זיין צו שאַנד!
איר גייט מיר אַלע אַוועק צו ווייט.
ביי וועלטגעבורט פירט נאַר קיין שטרייט
מיט זיך אַליין. — באַרייט מוז זיין דאָ יעדער
פאַר לעצטן קריץ צו טונקען פעדער!
און אויך מיין איד גייט ניט באַנקראָט
ביז טאָל באַזיגט ליגט ניט אין שפּאָט!
(זוכט מיט די אויגן. זיין בליק בלייבט שטיין אויפן וועכטער)
וואָס שטייט דער וועכטער אָן אַ זייט?
דיין זעהונגוואָרט לאָז מיר דאָך הערן.

## וועכטער

(גלייכט אויס רוקן)
מען קאָן אַ וועלט גאָר לייכט צעשטערן,
נאָר איבערשאַפן זי איז שווער;

מ׳קאָן קלוג ווי נאַר אין איר פאַרמערן,
נאָר ניט אָפּקושן דעם ים אַ טרער.
אין דיכטערטריב ביסטו געקומען,
אין מענטשנווי וועסטו פאַרגיין,
עס קאָן דער פעלז נאָך שפּראָצן בלומען,
פאַר מענטשדערלייז צו האַרט דער שטיין.

## הויפנאַר

דיין פעלזנשטיין האָב איך אויסגעקליבן,
ווייל פעלז איז אַלץ, וואָס מיר פאַרבליבן.
דער שטורם האָט מיך אַהער געבראַכט
אין יענעם אָנקום פון דער נאַכט.

## וועכטער

איך האָב מיין פעלז דיר אָפּגעגעבן
צו טרייבן דאָ דיין נאַרנשפּיל;
אַ נייע מענטשהייט אויסצואוועבן
איז געווען דיין גרויסער ציל.
אַליין פון שטורם געווען איך מיד, —
דורך נאַכט און טאָג דאָס כוואַליעליד!
דו האָסט דיין שפּיל דאָ פריי געשפּילט,
מיט לאַך און שפּאָט די לופט געפילט.
נאָר כוואַליעס הער איך וייטער ברויזן,
דעם האָריזאָנט זע איך אין פלאַמען —
אַ נייער שטורם פון איבער ים׳ען!
ניין, ערד מיט ים וויל אַלץ ניט הויזן.
דיין שפּיל פאַרלאָשן האָט מיין ליכט,
איך זע ניט מער דעם ים׳ס געזיכט.

## הויפנאַר

אין שפּיל, מיין פריינט, גייט אַלץ פאַרלאָרן,
אפילו ווען דו ביסט געווינער;
דער מענטש איז בלויז אַ חלום-שפּינער,
אין שפּינוועבס ווערט ער ניי געבוירן.
פּרוּאוו נאָר אויפלייזן דאָס געוועב,
אין נייעם פלאָנטער שוועב און שוועב!
מיט בטול גיי מיר ניט פאַרביי,
דו ביסט אין פלאָנטער סיי-ווי-סיי.
(קוקט זיך אַרום)
יאָ, שווער גייט צו דאָס נאַרנשפּיל.
(די חכמה גראָבט אויך אין דער שטיל.)
אָנפאַנגען וויל איך פון דאָס ניי,
דאַרף די רעזשי אויך זיין דערביי.

## פּאָמפּאַדור

ער האָט נעפּטונאַן אַוועקגעפירט
אויף אַ שפּאַציר אין שלאַנגענלאַנד,
אין וועג געווים זיך דאָרט פאַראירט.

שוישפּילער און נעפּטונאַ קומען פלוצלונג אָן.

## שוישפּילער

עס אירן ניט צוויי זעלן בײַנאַנד,
ווען שפּיל און רום איז זייער ציל —
שיין איז דאָס רייך פון דער רעפּטיל,
וואו מענטש שפּילט אויס זיין זעלן-צער
אויף דער מערכה פון וועלט און נאַר.

## הויפנאַר

עס איז דער צער ניט אַזוי גרויס,

ווען נאַרנבונד פירט  ז י י ן  ציל אוים.
צערשטרייט ווערט אָבער מיין אַרמיי,
דער פעלז געשפּאָלטן שיר אין צוויי,
ווען די רעזשי ווערט וואַגאַבונד.

## שווישפּילער

איך האָב געשפּילט אי קונסט, אי שונד,
לויט דעם פאַרלאַנג פון פּובליקום.
(האָב ליב דאָס שפּיל, ווען אויך צו דום.)
און מיין רעזשי איז שטענדיג גוט.
דען ווער עס האָט דעם שטאַרקן מוט
צו דינען קונסט און שונד צו גלייכער צייט,
צו מאַכן שנעל דעם איבערבייט,
ווערט באַלד פון פּובליקום באַליבט,
באַקרוינט אַלס שטערן און אַלס העלד
אין אונזער גרויסער נאַרנוועלט. —
געוויס, מיין נאַר, איך בין באַטריבט
צו זאָגן דיר די ריינע וואָר:
דיין שפּיל איז מיר דורכאוים ניט קלאָר,
כאָטש די רעזשי האָב איך געמאַכט,
(לויט מיין געוואוינהייט ניט געטראַכט.)
דיין נאַרנבונד פון לאַך און שפּאָט,
וואָס וויל דעם חכמה-טאָל פאַרניכטן,
האָט ניט געטאָן נאָך זיינע פליכטן:
נאָך ניט געוואָרן ביי אייך אַ גאָט
איז קאָמעדיאַנט און רעזשיסער.
און זיי אויך וויסן, מיין ליבער פריינט,
ווען מיך צו פּראָבע שטעלסטו שוין היינט,
אַז צופיל לאַכן איז אויך ניט גוט,

עס סטימולירט ניט דעם קינסטלער׳ס בלוט,
איך וויל אויך זען אַמאָל אַ טרער.
איך קאָן ניט שפּילן די קאָמעדיע,
ווען ניט באַגלייט פון דער טראַגעדיע,
און אָן אַפּלויז איז סתם מיר שווער.

## הויפנאַר

אַפּלויז וועט קומען מיטן זיג.
ביז ניט פאַרשריבן איז ס׳לעצטע בלאַט
פון אונזער גרויסער נאַרנטאַט —
פון פעלז אַראָפּ גייט קיינער צוריק!
(צו דר. קריטיקוס)
און דו וואָס זאָגסט, מיין קריטיקוס,
פון נאַרנבונד דער אונטערשפּאַר?

## דאָקטאָר קריטיקוס

עס איז באמת אַ פאַרדרוס,
וואָס שלעכט גייט צו דיין שפּיל פון נאַר.
כאָטש געניאַל איז עס פאַרטראַכט:
פון נאַר דער חכם אויסגעלאַכט,
פאַרשפּאַט ביז צו דעם טיפסטן ביין,
אַ וועלט פון נאַרן ווערט געבאָרן,
דער מענטש ניט זיין וועט מער פאַרלאָרן, —
אַ קונסט אַזאַ דאַרף מען פאַרשטיין.
נאָר כ׳מוז דיר, דיכטער, זאָגן אָפן:
מיט דער רעזשי האָסטו ניט געטראָפן.
עס איז אַן אַרבעט פון אַ דילעטאַנט,
עס פעלט פאַנטאַזיע און אויך טאַלאַנט.
אויב דו ווילסט זען דעם טאָל צעשמעטערט,
דיין נאַרנביבעל דורכגעבלעטערט,

ווען איך עס מאַכן אַן שווערער מי —
גיב מיר נאָר איבער די קונסטרעזשי.

## הויפנאַר

ווען דאָס באַטראַכטן, מיין ליבע קריטיק.
דערוויל, נאַראָנים, קיין פוילע שטיק!
איך בין נאָך דיכטער דאָ אַצינד,
באַצווינג נאָך פעלז, צאַם נאָך דעם ווינט,
איך טראָג נאָך אויך די שווערע קרוין, —
איר קריגט אין צייט נאָך אייער לוין.
און איצט צום לאַכן זיך גענומען!
מיר טאָרן ניט אַ רגע שטומען.
די חכמה איז אַ שלאַנגענקינד,
זי קעמפט איר קאַמף ניט שטום און בלינד;
דו וועסט אין שטיקלעך זי צעפיצלען,
וועסטו נאָך פילן אַלץ איר קיצלען—
נאָר זינגן וועט דער נאַרנשפּאַט!

(מ ש י ח (ליכטשטראַל איבערן קאָפּ) קומט אָן, פירנדיק
ביי דער האַנט דעם א י י ז ל)

וואָס הער איך דאָרט? אַן אייזלטראָט?
און ווער דער מענטש אים אין באַגלייט? —
אָ, מענטש און אייזל מאַכט מיך פרייד!

## משיח

(צום אייזל)

איז דאָס דער בונד פון די נאַראָנים?
זיי האָבן דאָך אַלע איין מענטשלעך פּנים.

## אייזל

איך גלויב מיר זיינען אויפן ריכטיגן אָרט.

### משיח

איך וויל פון איינעם הערן אַ וואָרט.
(צום וועכטער)
ווער איז ביי אייך דער האַר?

### וועכטער

לייכט אים דערקענען.
דריי אוים דעם קאָפּ, הויב אויף די ברעמען.
ער טראָגט ביי אונז אַן אַלטע קרוין,
דאָס שלאַנגענווייב האָט ער אַלס לוין.

### משיח

(פירנדיג דעם אייזל, טרעט צו צום נאַרנטראָן)
שלום צו דיר, דו האַר פון נאַר!

### הויפנאַר

איך זע דיין פּנים איז פול מיט צער.
דו גייסט געבויגן, ווי אַ שווערע לאַסט
וואָלט דיך געדריקט.

### משיח

איך בין אין האַסט
אַהער געגאַנגען. די שליחות דריקט.

### הויפנאַר

ווער איז צו זיין צייל מיר זיין באַגליקט,
דו מידער, אַלטער אָרימאַן,
און אויך דער אייזל ביי דיין זייט.
אויב שווער געוועזן איז אייך די באַן,
אויב איר געהאַט האָט קאַמף און שטרייט,

ווען איר אויסגלייכן דאָ די ביינער, —
גאָסטפּריינדלעך זיינען די פעלזנשטיינער.

משיח

ניין, רוען איז ניט אונזער ציל.

הויפנאַר

ווען איר מיטהאַלטן דאָס נאַרנשפּיל.

משיח

איך בין צו דיר אין בונד געשיקט,
ווייל פון דערלייז איז די שעה געקומען.

הויפנאַר

דערלייז ?! פון וואַנען האָסטו אים גענומען ?

משיח

פון גאָט באַשטימט.

הויפנאַר

פאַר וועמען ?

משיח

פאַר אַלע די,
וואָס האָבן גאָט'ס חכמה אָנערקענט.

הויפנאַר

פון חכמה די וועלט צאַפּלט און ברענט,
אין רויך אַ טאָל ליגט פאַרחלשט, דערשטיקט.

### משיח

דערלייזן אַלע קאָן איך אָן מי,
די גאַנצע וועלט זאָל ווערן פריי.
נאָר דו מעכבֿ ביסט מיינע טריט.

### הויפנאַר

די ווערטער, גאַסט, קלינגען באמת ניי.
אַ נאַרנרייך האָט זיך צעבליט
אויף אָט דעם האַרטן פעלזנשטיין;
דערלייז פון וועלט און מענטשגעביין
איז אונזער ציל. צום סוף — נאָר ווער
ביסטו ?

### משיח

איך בין משיח. און ער,
מיין אייזל, איז מיין טרעגער, באַגלייטער.
מיר טראָגן די גאולה פאַר גרוים און קליין,
וואָס זעט אין חכמה פון לעבן דעם מיין.

### הויפנאַר

דער אייזל ביי גאָט איז גאולה-פאַרשפרייטער ? !
דאָס איז דאָך צו מיין ציל געפּאַסט.
נאָר אייזל און חכמה ? ! — מיין ליבער גאַסט,
ווער האָט אַזוי קלוג עס אויפגעפּאַסט ?

### משיח

איך בין מיט אייזל פון יאָרן געבונדן,
צוזאַמען די שטערן געציילט און די שטונדן ;
מיין לייב אין קייטן, ער אַרום מיר,
און הינטערן גאָרטן אַ שלאָס אויף דער טיר.

אזוי אין גן-עדן ביידע פאַרשפּאַרט,
אַן עולמית אויף גאולה געוואַרט,
פאַר קלוג, פאַר נאַר — קיין אונטערשייד,
אַט ו ו י דער מענטש וואַט מאַכן זיך גרייט.
נו, איז געקומען יענע נאַכט,
ווען פאַר אַ מלאך האָב איך ערוואַכט,
און זיינע ליפּן: גיי אַראָפּ אין טאָל,
ער איז פאַר גאולה רייף געוואָרן,
ווייל אַלע קלוג און גלייך אין יאָרן. —
בין איך געקומען. נאַר אַ ווידערקול
פון לאַך און שפּאָט האָב איך דערהערט!
די גאולה ווערט פון דיין פעלז געשטערט.
איך בעט דיך, נאַר, גיב אויף דיין בונד.

## הויפּנאַר

צו קאַפּיטולירן האָב איך קיין גרונד.
געגנוג די קלוגע נאָכגעגעבן!
עס איז געקומען די העכסטע צייט,
די וועלט זאָל ווערן ד ו ר ך נ אַ ר באַפרייט,
מיט אָט דעם אייזל ביי דער זייט!
(שפּרינגט אַראָפּ פון טראָן. גלעט דעם אייזל איבערן קאָפּ)
דו ביסט, אָ אייזל, מיין ציל אין לעבן.
זיי דו דער ס י מ ב אָ ל מיר אין שפּיל;
דו קאָנסט רעזשי אויך נוצן פיל.

## שוישפּילער

איצט זע איך איין, דאָס אונזער נאַר
פאַרשטייט די קונסט גאָר וואונדערבאַר.
דער אייזל איז אַלץ, וואָס האָט געפעלט
אין אונזער גרויסן נאַרספּעקטאַקל.

פון קונסט איז אייזל אייביגער פּאַקל ;
מיר גייען אַלע ווי ער באַפעלט.

## נעפּטונאַ

איך האָב אַן אייזל נאָך קיינמאָל געזען.
פאַר וואָס אַזוי לאַנג ביי אים די אויערן ?

## שוישפּילער

זיין טיף געהער. ער וועט דורך מויערן
דערשפּירן דיין קונסט, דיין ציטער און ברען.
און ווי ער גיט מיט זיין אויג אַ וואונק,
אַ פייער ווערט פון דיין געטלעכן פונק.

## אייזל

(צו משיח)

די שבחים האָב איך אין טאָל אויך געהערט.
בין איך דער וועלט אַזוי פיל ווערט ?

## משיח

(פאַרלאָרן)

איך האָב די לונגען זיך שוין אָפּגערעדט.
אַוואו מיר קומען — דעם אייזל אַ גלעט.
מיר ווערן, פריינט, אין אונזער שליחות געשטערט.
איך זע די כחות און וויים דאָך ניט ווער, —
באַפרייען אַ וועלט איז באמת שווער.

## אייזל

עס איז, משיח, געווים ניט מיין שולד,
וואָס כ׳האָב צו דער וועלט אַזוי פיל געדולד.
אָט זעסטו, די נאַרן געפעלן מיר אויך.

## משיח

(פיבערט)

די גאולה — די גאולה — אַלץ זע איך אין רויך!

## הויפּנאַר

(צום איזל)

וואָס לאָז איך מיין איזל שטיין אויף די פיס!
פון וועג דיינע ביינער מיד זיינען געווים.
קום, זעץ זיך צו מיר אויף דעם נאַרנטראָן.

(ער לייגט אַרויף די האַנט אויפן איזל'ס האַלז, פירט אים אַרויף
צום טראָן און זעצט אים אַוועק. נידערט אַליין אַראָפּ)

## איזל

(זיצט באַקוועם. קוקט זיך אַרום)

אין טאָל מיינע ברידער זיצען אויך אויבענאָן.
(דערזעט דעם קעניג רעכטס פון זיך)
און ווער איז דער מאַן מיטן שפּילכל אין האַנט?

## הויפּנאַר

אין טאָל אַמאָל געווען אַלם קעניג באַקאַנט.
שטייט דיר צו דינען.

## איזל

אינטערעסאַנט.

(קוקט זיך אַרום. דערזעט פּאָמפּאַדור. צולאַכט זיך פריידיג)

די פרוי איז שיין, וואָס איך זע ביי מיין זייט.

## הויפּנאַר

דאָס קומט, מיין איזל, אַלץ מיט דער צייט.
זי וועט גאָר האַרציג דיך אַמוזירן.

**אייזל**

איך פֿאַנג איר רייץ שוין אָן צו שפּירן.

**פּאָמפּאַדור**

(גלעט דעם אייזל'ס קאָפּ און אויערן)

איך האָב די אייזלען אַלע מאָל געליבט,

אין הויף די בעסטע קאַוואַלירן.

איך האָב זיי דורך די פֿינגער געזיפּט,

כאָטש מאַנכער פֿון זיי געבליבן באַטריבט.

נאָר דיך, מיין ליבער, וויל איך ניט פֿאַרלירן.

מיט דיר ביי דער זייט פֿיל איך אַזוי גוט.

(נעמט אים אַרום)

**הויפֿנאַר**

(אָן אַ זייט)

דאָס שלאַנגענווייב ווייס באַלד וואָס זי טוט.

**אייזל**

איך שפּיר אַ שטורם אין די געהירן!

(דערזעט די שלאַנג אין נעגער'ס האַנט)

די שלאַנג! איך זע זי ווידער ביי מיינע פֿיס.

דעם עפּל! דעם עפּל! גיב מיר אַ ביס!

**פּאָמפּאַדור**

מיין שיינער אייזל, לאָז מיר קושן דיין שטערן.

(זי קושט אים)

**אייזל**

איך פֿיל — איך שפּיר — אַ מענטש וויל איך ווערן!

(שפּרינגט אַראָפּ פֿון טראָן און לויפֿט צו משיח)

אַהער די פּרי!

משיח

דו ביסט פון זינען?!

אייזל

א י ך  װ י ל  ד ע ם  װ ע ג  צ ו ם  מ ע נ ט ש
ג ע פ י נ ע ן.

משיח

פאַרגעסט דיין שליחות! די גאולה אין געפאַר!

אייזל

װיל מער ניט זיין ביי משיח דער נאַר.
די פרי גיב! מיין װעג ניט שטער!
ג ע נ י ס ן איז מיין איינציגער באַגער.
(זוכט מיט דער מאָרדע אין משיח׳ס בגדים)

משיח

(הילפלאָז)

אָ גאָט! װאָס איז מיט דעם אייזל געװאָרן?!
(דער עפל פאַלט אַרויס פון זיין בגד)

אָ װיי! דעם עפל האָב איך אויך פאַרלאָרן!

אייזל

(פאַלט אויף די קני פאַרן עפל)

דאָ ליגסטו פריי! קיינער שטייט אין װעג!
איך עס דיך אויף —
(אַ װענד דעם קאָפ צו משיח)

איאַ איך מעג?
(כאַפּט אַריין דעם עפל אין מויל)

אַ דונער און בליץ. אַלץ װערט איינגעהילט אין טונקל. װען ליכט גייט אויף, ליגט אייזלפעל אויף דער ערד און אַ מענטש, מיט אייזלצייכן אויף

דער ברוסט, שטייט אין זיין פולער געשטאַלט. דער ליכטשטראַל איבער משיח'ס קאָפּ איז פאַרלאָשן.

## אַ ל ע

(אין ערשטוינונג)

אַ מענטש, אַ מענטש איז דאָ געבאָרן!

## פּאַמפּאַדור

(גייט אַראָפּ פון טראָן און בלייבט שטיין פאַרן א י י ז ל מ ע נ ט ש)

ווי שיין דו ביסט אין דיין מענטשלעך געשטאַלט!

## אייזלמענטש

דאָס מענטשלעכע נעמען קאָן מען נאָר איבער געוואַלט.

## הויפנאַר

(אין טיפן צער)

געקומען דער סימבאָל און באַלד אויסגערונען.

## וועכטער

דיין שפינוועבס האָט זיך אויסגעשפונען.

## הויפנאַר

(צום אייזלמענטש)

וואָס גייט דער אייזלמענטש איצט טאָן?

## אייזלמענטש

אין שלאַנגענרייך וואַרט אויף מיר אַ טראָן.
דאָרט שפּילט דער מענטש זיך אויס זיין קומער,
דאָרט וועל איך בויען זיך מיין וועלט,
וואָס חכם און נאַר האָבן ביידע פאַרפעלט.
און ענדלעך וויל איך כאַפּן אַ שלומער.
בין מיד.

## משיח

(אין טיפער פאַרצווייפלונג)

פאַרלאָרן איז פון מיר די שיין —

אַ, גרויסער גאָט! וואָס וועט איצטער זיין?

## הויפנאַר

(צום אייזלמענטש)

וואו ליגט דער אייזל- און מענטשנרייך?

## אייזלמענטש

דאָ אויף דער ג ר ע נ י ץ אונטן גלייך.

## גאָלדזאַק

(צו זיך)

שוין ווידער אַ גרעניץ דורכצושוואַרצן?!

## הויפנאַר

(צום אייזלמענטש)

דיין קאָמפּראָמיס איז מיר ניט צום האַרצן.

מיין שפּאָט וועט דיך טרייבן אַראָפּ אין טאָל.

## אייזלמענטש

די חכמה צום פעלז וועט שטויסן מיך צוריק.

אַזוי פון וואָג וועל איך האַלטן די שאָל.

צווישן נאַר און קלוג לאַווירט

וועט מיין מלוכה זיין געפירט:

אַ וואונק צום טאָל, צום פעלז אַ בליק —

דאָס איז פון לעבן ד י א י נ צ י ג ע ב ר י ק.

## פּאָמפּאַדור

(צום אייזלמענטש)

וועסטו מיך נעמען פאַר דיין פּרינצעסין?

### אייזלמענטש

געוויס. ד י י ן ע פ ל האָב איך דאָך געגעסן.

(דערלאַנגט איר זיין אָרם)

### נעגער

(מיט שלאַנג אַרום האַלז, אויף אַלע פיר נאָך דער פּאָמפּאַדור)

כ'וויל זיין דיין קנעכט און קושן דיינע טריט!

### פּאָמפּאַדור

(אַ קער דעם קאָפּ נאָך הינטן)

נו יאָ, דו גייסט מיט אונז דאָך מיט.

### אייזלמענטש און פּאָמפּאַדור

(מאַכן באַוועגונג אָפּצוגיין)

### ערב-רב

(אין כאָר)

מיר גייען אַלע מיט!\
אַלע, אַלע מיט!\
מיט! מיט! מיט!

(אייזלמענטש און פּאָמפּאַדור גייען לאַנגזאַם אָפּ)

(ערב־רב אין באַוועגונג. יעדער כאַפּט וואָס ביי דער האַנט און גייט אָפּ אין דערזעלביגער ריכטונג, זינגענדיג אין כאָר)

### כ אָ ר

דו הערלעכע גרעניץ,\
מיר גייען צו דיר!\
האַלט אָפן פאַר אונז\
דיין גאָלדענע טיר!

די גאָלדענע טיר,

דער מיטעלער וועג —
אָט וואו עס ליגט
פון זוכן דער ברעג.
מיר גייען! מיר גייען!
נאַר און מענטש אין צווייען!

(כאָר שטאַרבט לאַנגזאַם אָפּ)

## שטורמער

גע‌איילט אַראָפּ און קעסל פאַרגעסן —
זיי וועלן ניט האָבן פון וואָס צו עסן.

(שלעפּט מיט דעם קעסל אין אָפּגאַנג)

## שווישפּילער

נעפּטונאַ! גייסטו מיט צום נייעם ספּעקטאַקל?

## נעפּטונאַ

מיט דיר, מיין קינסטלער, פיל איך ניט קיין וואַקל.
איך גאַר שוין זען דאָס ראַמפּנליכט
זיך צינדן אין דיין און מיין געזיכט.

(זי טרעט צו צום וועכטער. מיט געזונקענעם קאָפּ, נאָר פעסט)

מיין ליבער זיידע, איך מוז דיך פאַרלאָזן.

## וועכטער

צו שטאַרק דער ווינט האָט פאַר דיר געבלאָזן —
כ׳האַלט דיך ניט צוריק.

## נעפּטונאַ

מיין האַרץ און דאַנק.
דיין צערטלעכקייט וועל איך געדיינקען לאַנג.

צום אָפּשייד קושן ווייל איך דיינע זילבערהאָר.

(זי קושט אים)

אָ, זיידע! — טרערן?! — איז עס וואָר?

דו וויינסט? — לאָז רואיג מיך פון דאַנען גיין.

מיך רופט מיין לעבן —

## וועכטער

קאָנסטו פאַרשטיין,

אָ, קינד? אַ לעבן אָפּגעהיט אַ וועלט,

וואָס איז דיר פרעמד, אין נעבל פאַרשטעלט,

אויף שטורם דיין בליק שטענדיג גערעכט,

און קיינמאָל ניט זיכער צי געטאָן דיין פליכט?!

## נעפּטונאַ

אין טורם, זיידע, וועט נאָך אויפגיין דאָס ליכט. —

איך זעץ זיך איצט אין אַ פאַרשלייערטער שיף,

און קיינער וויים ניט ווי דאָס וואַסער איז טיף.

אַדיע!

(שוישפּילער און נעפּטונאַ גייען אָפּ אין אָרם)

## וועכטער

אַ שיפּברוך האָט זי מיר געגעבן,

אַ שיפּברוך נעמט זי ווידער צו.

## הויפּנאַר

דאָס איז דער שיקזאַל פונם שטרעבן,

וואָס זוכט אין שיפּברוך ווידער רו.

## דאָקטאָר קריטיקוס

ווען דער ספּעקטאַקל ווערט דאָרט געביטן,

מוז די קריטיק אויך זיין אין מיטן.

(גיט זיין אָרם דער אַנטוישטער מיידל)

קום, ליבסטע, מיט! נעם טייל אין שפּיל.

צו רעפּעטירן וועט זיין גאַר פיל.

(דר. קריטיקוס און אַנטוישטע מיידל אָפּ)

## פילאָזאָף

(נעמט טעלעסקאָפּ אויף זיין שולטער. צום הויפנאַר, ציִיגנדיג מיטן פינגער אין דער הויך)

איך האָב אים גערופן און ער קומט דער פּלאַנעט.

דערלייזער בין איך! איך בין דער פּראָפעט!

(נאָך אַ קליינער רגע)

דו שמייכעלסט? ! אַ. ניין, איך בין ניט פון זינען.

## הויפנאַר

גיי, גיי, אויב בעסערס קאָנסטו נאַר געפינען.

דו קוקסט, מיין פריינט, סיי ווי צו ווייט,

אַפילו אויך פאַר נאַרנלייט.

## פילאָזאָף

די לייזונג ליגט אין גייעם שטערן;

איך וועל פון דאָרט שוין אַלץ ערקלערן.

און אויב סיסטעם פעלט דיר דאָ אוים,

שיק איך דיר מ י י נ ע ם פון דאָרט אַרוים.

(גייט אָפּ אין אַנדער ריכטונג)

## קעניג

(צו דער קעניגין, וועלכע זיצט געבויגן איבער איר טאָפּ)

וויל קעניגין גיין מיט מיר צום ים?

## קעניגין

האָב שוין פאַרזוכט אַמאָל זיין טעם.

וואָס איצט?

## קעניג

איך וויל אַ שיפּל מאַכן

פון אַט דער פּופּע. קאַץ און שאַכטל וועלן דינען.

## קעניגין

ביסט בראַוו, מיין ליבער אַדמיראַל.

אין נויט קאָנסטו אַ חלום שפּינען.

איך גיי. כאַ-כאַ! מיר איז גאַנץ עגאַל.

(שטעלט זיך אויף מיט שאַכטל און קאַץ. נעמט אָן דעם קעניג׳ס אָרם. צום הויפנאַר. גיפטיג)

און איצט, מיין הויפנאַר, קאָנסטו לאַכן!

(קעניג און קעניגין גייען אָפּ צו דער ריכטונג פון ים)

## הויפנאַר

כאַ-כאַ! די אַלטע וועלט ווערט צוריק געבאָרן!

## וועכטער

זי איז גאָר קיינמאָל ניט געווען פאַרלאָרן,

אפילו אויך ניט נאָך דעם מבול. —

האָסט שיין פאַרטראַכט דיין נאַרנפּאַבעל,

דיין דיכטונג האָט גאָר טיף געצילט —

נאָר האָסט, מיין נאַר, פאַרשפּילט.

## משיח

(אין טיפער פאַרלאָרנקייט)

וועמען באַפרייען? אייזל צי וועלט?

## בת-קול

דו האָסט, משיח, דיין ציל פאַרפעלט.

דו מוזט אין עדן צוריק!

## משיח

אַליין ?

## בת-קול

דער אייזל קומט אין אויגנבליק.

דונער און בליץ. אין אויפגאַנג פון ליכט זעט מען, אַז דער הויפנאַר איז ניט געוואָרן. פאַרשוואונדן איז אויך דאָס אייזלפעל פון דער ערד. אַן אייזל שטייט ביי די פיס פון משיח. קרוין און סצעפּטער אויף דער ערד.

## אייזל (הויפנאַר)

נו קום, משיח ! דער גן-עדן וואַרט.

## משיח

(בליקט צום הימל)

צוריק אויף עולמית איינגעשפּאַרט ? !

(זינקט דעם קאָפּ)

איך טו דיין רצון, בורא.

(זעצט זיך אויפן אייזל)

## אייזל

דער נאַר האָט אויך קיין אַנדער ברירה.

(טראָגט משיחן. אין אָפּגאַנג צום גאָלדזאַק)

משיח גייט אָפּ אין לאַנגער רו.

און וואו, מיין איד, ביסטו ?

## גאָלדזאַק

(זוכט נערוועז אין זאַק און שלעפּט אַרויס אַ מטבע)

דאָס לעצטע אויסגעטרייסלט פון מיין זעקל,

נעם מיט, משיח, מיין איינציקן שקל.

(וואַרפֿט נאָך די מטבע משיחן און אייזל אין אָפּגאַנג. קוקט זיך
אַרום אויף אַלע זייטן ווי זיך שלאָגנדיג מיט דער דעה. גייט
ענדלעך אָפּ אין דער גרעניץ־ריכטונג)

פֿון ים דערטראָגן זיך סיגנאַלן פֿון אַ שיף אין געפֿאַר. אין זעלבן
מאָמענט גייט אויף דאָס ליכט אין טורם.

## וועכטער

„עס־אָ־עס“ סיגנאַלן. אַ שיף פֿאַרווירט אין שטורם.
איך קום, איך קום צו דיר, מיין טורם!

(גייט אָפּ מיט פֿעסטע, געמאָסטענע טריט צום טורם)

פ אַ ר ע נ ד י ג ט

ד י פ אַ נ ט אַ ס ט י ש ע ט ר י ל אָ ג י ע.